מאין ריד




# א שפּיל מיטן טויט

ייִדיש: מ. לאַנדוי





פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע

## מיין אוידיטאָריע.

הייסן הייס איך פיליפ פאָרסטער. היינט בין איך שוין אַלט און שוואַך. אין אַ קליין שטיבעלע וווין איך און אין אַ שטיל דערפל שטייט דאָס שטיבעלע.

אַ גרויסער האַפן שטייט ביים דערפל, דאָך וואָלט איך עס גערופן שטיל דערפעלע, ווייל אַלע מאָל איז ביי אונדז רויִק און שטיל.

פאַרשידענע שיפלעך שטייען אין האַפן, קיין גרויסע שיפן אָבער זעט מען דאָרט נישט: דער האַפן איז דאָך צו־קליין פאַר זיי. די איינוווינער פונם דערפל כאַפן פיש און נערן זיך מיט זיי.

איך בין דאָ געבוירן געוואָרן און דאָ וועל איך מסתמא שטאַרבן, אָבער די היגע דאָרפסלייט קענען מיך נישט. אַמאָל הייס איך ביי זיי קאַפּיטאַן פאָרסטער און אַמאָל פשוט קאַפּיטאַן, ווייל איך בין אייגנטלעך דער איינציקער מענטש אין דעמדאָזיקן קאַנט, וואָס האָט דאָס רעכט צו טראָגן דעמדאָזיקן טיטל.

אינדעראמתן אָבער האָב איך דעמדאָזיקן נאָמען נישט פאַרדינט, ווייל איך האָב קיינמאָל נישט געדינט אין מיליטער.

איך בין אייגנטלעך געווען אן אנפירער פון א געוויינלעכער האנדלסשיף, און דעריבער מיין איך, אז צו מיר וואלט זיך אמבעסטן געפאסט דער נאמען פארוואלטער. די דארפסלייט אבער ווילן זיין העפלעך, רופן זיי מיך קאפיטאן.

זיי ווייסן, אז איך וווין אינם קליינטשקן הייזעלע, נישט ווייט פון ים. זיי ווייסן אויך, אז איך פיר איצט אן איינזאם לעבן — איך קאן דאך נישט רעכענען די זקנה, וואס באדינט מיך, פאר א פרייליכן פריינט, מיט וועלכן מען קאן פאר־ברענגען צוזאמען די צייט.

אלע טאג זעען זיי, ווי איך גיי מיט דער לולקע אין מויל איבערן דארף און ווי איך קוק מיט די אלטע אויגן אויפן האריזאנט, וואס לאזט זיך אראפ איבערן ים. נאכדעם גיי איך צוריק מיט דער לולקע אין מויל און ווער אנטרונען אין מיין הייזעלע. דאס איז אלץ, וואס לאזט זיך זען פאר מייגע דארפס־לייט און אזויארום קענען זיי מיך.

זיי ווייסן אדער זיי האבן ערגעץ געהערט, אז איך האב באררייזט די גאנצע וועלט, אז איך האב א ביבליאטעק און אז איך לייען א סך, און דערדאזיקער אומשטאנד שטעלט מיך זייער הויך אין זייערע אויגן.

אין מיין לעבן האב איך א סך ארומגערייזט — דאס איז אן אמת. לייענען א בוך האב איך אויך ליב — דאס איז ווידער אן אמת. דאך זענען מיינע דארפסלייט זיך טועה אין מיר. זיי האלטן מיך פאר זייער א געלערנטן מענטשן. דאס איז שוין צופיל.

איך האב קיינמאל נישט געהאט די מעגלעכקייט, ווי גע־העריק זיך צו לערנען.

דאס ביסל, וואס איך קען און ווייס, האב איך דערגרייכט אן דער הילף פון א לערער, נאר אליין מיט אייגענע כוחות.

אין יענע רויקע און שטילע שעהן, וואָס זיינען טיילמאָל אויס־געפאַלן אין מיין רוישיק לעבן.

איר וועט אייך אוודאי חדושן, וואָס מען קאָן מיך אַזוי ווייניק אין יענעם ווינקעלע, אויף יענעם שטיקעלע ערד, ווו מיינע אויגן האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די ליכטיקע וועלט? איך וועל אייך אָבער זאָגן: צו צוועלף יאָר האָב איך פאַרלאָזט מיין היים און אומגעקערט האָב איך מיך ערשט אין העכער פערציק יאָר אַרום...

אין בין אַוועקגעפאָרן אַ קינד און אומגעקערט האָב איך מיך אַ גרויער מאַן. און קיינער האָט מיך נישט דערקענט און נישט געקאָנט דערקענען.

נאָכמער: מען האָט אַפילו פאַרגעסן אין מיינע עלטערן. מיין פאָטער איז געווען אַ ים־רייזנדער, וואָס האָט זעלטן באַ־זוכט זיין הויז.

דאָס איינציקע, וואָס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון וועגן מיין פאָטער, איז יענער גרויסער צער, וואָס האָט מיך אַרומ־געכאַפּט, ווי אַ פלאַם, בשעת איך האָב מיך דערוווּסט, אַז די הויכע ים־כוואַליעס האָבן איינגעשלונגען זיין שיף.

נאָך מיין פאָטערס טויט האָט די מאַמע פאַרלאָרן דעם קאָפּ, און ווי זייער אַ גוט געטריי ווייב, טאַקע תיכף צוגעמאַכט אויף אייביק די אויגן. אַזויאַרום זענען איבערגעהאַקט געוואָרן די וואָרצלען, פון וועלכע איך בין אַרויסגעוואַקסן.

מיינט אָבער נישט, אַז איך פיר אַ לעבן פון אַ בער.

דאָס, וואָס איך האָב פאַרלאָזט דעם ים און האָב מיך אַריבערגעצויגן אויף דער יבשה, איז נאָך נישט קיין ראיה, אַז איך האָב פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט צום לעבן.

דאָס לעבן איז אַלעמאָל שיין און רייצנדיק און אַלעמאָל ציט עס מיך, און אַז איך גיי עס זוכן אמאָל, לאָז איך מיך צו קליינע קינדער.

קינדער זענען שטענדיק געווען מיין גרעסטער תענוג, און איך קאָן גאַנץ דרייסט זאָגן, אַז אַלע דאָרפישע קינדער זענען מיינע בעסטע פריינט. מיר פאַרברייגען עפטער צוזאַמען, מיר לאָזן שלאַנגען אינדערלופטן און פאַפירענע שיפן אויפן ים און מיר פאַרהילכן די שטילע לופט מיט אונדזער געלעכטער.

דידאָזיקע באַוועגלעכע און פריילעכע באַשעפענישן דערמאָנען מיר מיין קינדהייט און יענע גליקלעכע טעג, ווען איך האָב לגמרי נישט געוווסט פון זאָרג און ווען איך בין געווען אַזוי ווייט פון יענע סכנות און פאַסירונגען, וואָס האָבן מיר גרוי געמאַכט דעם קאָפּ.

איך מוז אייך אויך זאָגן, אַז אין דאָרף זיינען פאַראַן אַ פּאָר מענטשן, וואָס זענען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט מיין לעבן. איר פאַרשטייט: איך האָב זיי אַנטפּלעקט עטלעכע זייטלעך פון מיינע רייכע איבערלעבונגען...

אָבער מיין אוידיטאָריע באַשטייט דאָך פון קינדער. פאַר זיי איז שטענדיק פליסיק מיין וואָרט.

ביי אונדז אין דאָרף איז פאַראַן אַ שול, און דידאָזיקע שול שטעלט מיר צו די בעסטע צוהערער.

אין יענע שעהן, ווען מיר שפּילן זיך נישט און ווען עס ציט מער צו הערן אַן אינטערעסאַנט און אויפריכטיק וואָרט, פאַרצייל איך זיי מאַנכע פרטים און עפּיזאָדן פון מיין לעבן. איך קלויב זיי צונויף אין אַ קרייז ביים ברעג ים, וווּ זיי זיצן און האָרכן און גאַפן...

אַלטע ים־רייזנדער זיינען על־פּי־רוב ענלעך צו אַלטע אויסגעדינטע סאָלדאַטן:ביידע האָבן ליב צו דערציילן מעשיות פון זייער לעבן. און איך האָב עס אויך ליב...

איינמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, האָב איך געטראָפן מיינע קליינע חברים אויפן ברעג פון ים. דאָס איז אָבער געווען אַ היבשע קאָמפּאַניע, כמעט אַלע תּלמידים פון דער שול. עמעץ, דער עלטסטער פון זיי, האָט געהאַלטן אין האַנט אַ ווייס בויגעלע פּאַפּיר.

איך האָב געזען, אַז די קינדער האַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּלעך און זענען היינט עפּעס צו ערנסט פאַר מיר. נאָר אָט האָט דער עלטסטער אויפגעהייבן די האַנט און האָט מיר דער־לאַנגט דאָס פּאַפּיר.

אַ שיינע דייטלעכע האַנטשריפט האָט מיר איבערגעגעבן אויפן פּאַפּיר דעמדאָזיקן אינהאַלט:

„טייערער קאַפּיטאַן!

היינט האָט מען אונז אָפּגעלאָזט אויף אַ גאַנצן טאָג, וואָלטן מיר געוואָלט הערן אייערע שיינע גוטע מעשהלעך. מיר בעטן אייך, טייערער קאַפּיטאַן, פאַרציילט אונדז עפּעס און מיר וועלן זיצן שטיל און האָרכן. קיינער פון אונדז וועט נישט שטערן אייער וואָרט און טיף אין האַרצן וועט אייך יעדער שיינקען דעם בעסטן און דעם וואַרעמסטן דאַנק..."

מיר איז זייער געפעלן געוואָרן דערדאָזיקער נוסח פון דער קינדערשער בקשה און איך האָב באַלד באַשלאָסן צו דערפילן דעם רצון פון מיינע ליבע יונגע חברים.

איך האָב מיך עטוואָס פאַרטראַכט. וואָס דערציילט מען זיי? און דעמאָלס האָב איך אויסגעוויילט אַ זייטל פון מיין לעבן. דאָס איז געווען אַ זייטל, אויף וועלכן עס זענען פאַרצייכנט

געוואָרן מאַנכע פּאַסירונגען פון מיין קינדהייט. איך מיין, אַז דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנט זייטל.

אין פינף מינוט אַרום בין איך שוין געזעסן אויפן ברעג ים, אין אַ שטילן קינדערקרייז, ווי אין אַ רונג, געקוקט אויף די רויקע כוואַליעס, אויף די ליכטיקע האָריזאָנטן און פאַנטאַזיע צוגעהייבן דערציילן.

## אַ מעשה מיט אַ שוואַן.

ווייסט איר, קינדער? וואַסער האָב איך זייער ליב. און איך קען אייך זאָגן, אַז קאַטשקעס און ניופאַונדלענדישע הינט האָבן עס ליב נישט מער ווי איך.

מיין פאָטער, מיין זיידע און אַפילו מיין עלטערזיידע זענען געווען ים-לייט, דאָס הייסט מענטשן, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט וואַסער.

זייער ליבע צו וואַסער האָבן זיי אויך מיר איבערגעגעבן. די מאַמע האָט מיר פאַרציילט, אַז קינדווייז פלעג איך מיך שטענדיק שפּילן מיט וואַסער. אין אַלע קאַלוזשעס און אַלע שטראָמען און טייכלעך פלעג איך מיך אַרומוואַלגערן. און דאָס, וואָס איך וועל אייך פאַרציילן, האָט אויך פּאַסירט אויפן וואַסער.

איך בין דעמאָלט געווען נאָך גאָר אַ קליין יינגעלע, און אַלע טאָג פלעג איך לויפן צום טייכל און פלעג לאָזן אויפן וואַסער קליינינקע פאַפּירענע שיפעלעך.

איך האָב עס זייער ליב געהאַט. דאָס איז געווען זייער אַן אנגענעמע אַרבעט. איך פלעג אַרויסרייסן אַ זייטל פון אַ

גרויסן בוך, אויסקנייטשן און אויסלייגן עס אין אַ שיפעלע און כּהרף-עין אַוועקלויפן דערמיט צום טייך.

מיט דער צייט אָבער האָב איך איינגעזען, אַז פּאַפּירענע שיפעלעך זענען נישט מער ווי צאַצקעס, מיט וועלכע מען קאָן זיך אַליין אָפּנאַרן. נישטאָ קיין לעבן אין זיי.

לעבן איז פאַראַן אין אַ שיף, אין אַ הילצערנער שיף, וואָס ווערט מיט אַזאַ גאוה געפירט פון גרויסע דערוואַקסענע מענטשן...

און אָט איז מיר איינמאָל איינגעפאַלן: מען באַדאַרף אָנזאַמלען אַ ביסל געלט, וואָס די מאַמע פלעגט מיר געבן יעדן טאָג און קויפן אַן עכטע שיף. אַ שיף פון האָלץ.

דאָס האָט געדויערט גאַנצע זעקס חדשים. אויפן זיבעטן חודש בין איך שוין געווען בכוח צו קויפן אַ קליינטשיק-קליינטשיק שיפעלע ביי אַ באַקאַנטן פישער. פאַר מיר איז עס אָבער געווען געגוג גרויס, און בשעת איך האָב געקוקט דערויף, האָט מיר געטאַנצט דאָס האַרץ פון שמחה, און איך וואָלט עס דעמאָלט זיכער נישט אויסגעטוישט אויף דער גרעסטער שיף אין דער וועלט.

די קאַלוזשע וואַסער, וואָס האָט זיך נישט אַזוי חנעוודיק געצאַפּלט אויף דער זון הינטער אונדזער הויף, האָט זיך לחלוטין נישט געפּאַסט פאַר מיין שיפעלע, און איך האָב עס אַוועקגעטראָגן אינם ריינעם קלאָרן פאַרקטייכל, וואָס האָט שטיל געזונצלט זיין וואַסער צווישן הויכע ערנסטע ברעגביימער.

איך מוז אייך זאָגן, אַז דאָס טייכל מיטן פאַרק האָבן אָנגעהערט צו אַ רייכן גוטבאַזיצער. אָבער אַ גוטער מענטש איז ער געווען, דערדאָזיקער גוטבאַזיצער, און ער האָט תמיד דערלויבט די קינדער צו שפּילן אויפן טייכל, אויף די פאַר-

קלאָנקעס, נאָר מיט דעם תּנאַי, אַז מען זאָל נישט קאַליע מאַכן די ביימער און די בלומען.

דעמדאָזיקן פּאַרק קאָנט איר, קינדער. קערט איר נאָר אָפּ די אויגן לינקס, זעט איר זיינע הויכע ווענט, איבער וועלכע עס הענגען אַראָפּ אַלטע ברייטע ליפּעצווייגן, אָבער דער באַלעבאָס פון פּאַרק איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

נאָך דעמאָלט איז ער שוין געווען אַן אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד, און מיט צוויי קאַלטע פינגער פלעגט ער אונדז, קונדסים, תּמיד אַ גלעט טאָן איבערן בעקל.

אַרום דעמדאָזיקן פּאַרקטייכל האָבן זיך געדרייט זייער שיינע און געשיקטע וואַסערפייגל, אָבער אויך זיינע קילע וואַסערן האָבן אויך געלעבט עטלעכע פּרעכטיקע שוואַנען. איך מוז אייך זאָגן, אַז אויך איצט קאָן איך מיר נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי קאָן מען פאַרבייגיין גלייכגילטיק אַ שוואַן. דאָס איז אַזאַ ליבער שיינער פייגל, אַז מען קאָן בשום אופן נישט אָפּרייסן דאָס אויג פון אים.

מיר, קונדסים, פלעגן, באַזונדער, שפּילן טאָג־טעגלעך מיט די שוואַנען, און אַלע טאָג פלעג איך זיי ברענגען שטיקעלעך ברויט, אָדער שטיקעלעך קעז, אָדער שטיקעלעך פלייש.

דידאָזיקע חברה־לייט האָבן מיך שוין גוט געקאָנט און פלעגן גאָר אָן שרעק דערנענטערן דעם שנאָבל צו מיינע שטיפערישע הענט.

זיי האָבן געשפּירט, אַז איך האָב זיי ליב און אַז איך וועל זיי מסתּמא קיינמאָל קיין שלעכטס נישט טאָן.

איינמאָל, אינדערפרי, בין איך מיט פולע קעשענעס אַוועק צום פּאַרקטייכל. די שיינע שוואַנען, וואָס האָבן נישט געשווומען, נאָר שטיל זיך געגליטשט איבער דעם קלאָרן וואַסערשפּיגל, האָבן מיך דערזען פון ווייטן. האָבן זיי תּיכף גענומען פאָכן

מיט די פליגלען און אויסגעבויגן דעם האַלדז און זיך אַוועקגע־לאָזט גלייך צום ברעג, ווו איך בין געשטאַנען.

איך האָב לאַנגזאַם און ערנסט געטראָגן די האַנט צו דער קעשענע און פון דער קעשענע צו די הונגעריקע שנאָבלען, און די שוואַנען האָבן אַראָפּגעשלונגען יעדן ביסן אַזוי, אַז מען האָט געקאָנט דײַטלעך זען, ווי ער, דער ביסן, מאַכט דורך זײַן וועג אין דעם לאַנגן דינעם האַלדז.

אָבער אַקוראַט אין דער מינוט, ווען איך האָב שוין געהאַט ליידיקע קעשענעס, האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעריסן דער ברעג, אויף וועלכן איך בין געשטאַנען, און איך בין אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער.

דערזען מיך אין וואַסער, האָבן די שוואַנען געצויגן מיט די העלדזער און געגלאָצט מיט די שוואַרצע אויגן, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך שטאַרק געחידושט.

איך האָב דעמאָלט נישט געקענט שווימען, און האָב מיך דעריבער געראַנגלט מיטן וואַסער און מיטן גרונט, וואָס האָט מיך געצויגן צו זיך, ווי מיט שטריק.

די אויערן און די אויגן זענען מיר פאַרלאָפן מיט וואַסער, און איך האָב געפילט, ווי עס ווערט מיר ביסלעכווייז פאַרנעבלט און פאַרשווימען דער קלאָרער געדאַנק. דאָך אָבער האָב איך געאַרבעט איבער די כּוחות מיט די הענט, זיך אָן אַ שיעור געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדערער, און פּלוצלונג האָט מײַן האַנט זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַ קליין שטעקעלע. דאָס איז געווען אַ פּיסל פון אַ שוואַנע.

זי האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן, דידאָזיקע שוואַנע, האָט גענומען פּאָכן מיט די פליגלען און זיך רייסן פון מיר, ווי פון קייטן, אָבער גלײַכצײַטיק איז זי אויך געפלויגן צום ברעג, און איך בין איר נאָכגעפלויגן.

איך האָב דאָס פּיסל נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט, און דאָס האָט מיך געראַטעוועט: די שוואַנע האָט מיך געבראַכט אויפן ברעג. מעגלעך, אַז ביי אַזאַ לאַנגע וואָלט איך אַ לאַנגע נסיעה אין וואַסער נישט אויסגעהאַלטן – איך וואָלט מסתמא דערטרונקען געוואָרן.

אויפן ברעג האָב איך אַרויסגעלאָזט דער שוואַנעס פּיסל. באַלד דערויף האָט מיך די שוואַנע אָנגעקוקט מיט בייזע ווילדע בליקן, פונקט ווי זי וואָלט געהאַט צו מיר אַ שווערע טענה, נאָכדעם האָט זי זיך אויפגעהייבן און איז אַוועקגעפלויגן מיט פרייע ברייטע פליגלען.

איך האָב מיך אַנידערגעלייגט אויפן ברעג. פון די אויגן, פון מויל און פון נאָז האָט זיך מיר געגאָסן וואַסער, און איך האָב שווער געאָטעמט. אָבער אין אַ שעה אַרום האָב איך ווידער דערשפּירט, אַז איך האָב לייכטע פיס, אַ לייכטן אָטעם און אַ פריילעך געמיט.

איך בין אַוועקגעלאָפן אַהיים און האָב קיינעם נישט פאַר־פרויט, וואָס מיט מיר איז געשען.

## אַ נייע סכנה.

איך זאָלט נישט מיינען, קינדער, אַז דערדאָזיקער פאַל, וועגן וועלכן איך האָב אייך ערשט דערציילט, האָט מיך אָפּגעשראָקן פאַר וואַסער. אמת, דאָס איז געווען אַ שווערע לעקציע, וואָס האָט געשמעקט מיטן טויט, מיט דערטרונקען ווערן, אָבער פון דערדאָזיקער לעקציע האָב איך בלויז פאַרשטאַנען איין זאַך, אַז אַ מענטש באַדאַרף קאָנען שווימען...

דעמאָלט בין איך דרייסט אַריין אין וואַסער, וואָס האָט מיך פריער אַזוי אָנגעשראָקן און האָב זיך גענומען לערנען שווימען. מיין מוטער, וואָס האָט געוווּסט, אַז איך לערן מיך שווימען, האָט מיר איינמאָל אַ זאָג געטאָן:

„זעסטו, מיין קינד, קענען שווימען איז אַ גוטע זאַך. דאָס געפעלט מיר. שווים, מיין קינד...“

דאָס אייגענע האָט מיר געשריבן מיין פאָטער, וואָס האָט זיך מיט זיין שיף געפונען ווייט אין ים.

אין דעמדאָזיקן בריוו האָט ער מיר אַפילו אָנגעוויזן, ווי אַזוי איך זאָל מיך לערנען שווימען, וואָס פאַר אַ באַוועג־

גונגען איך באַדאַרף מאַכן, וויפל צייט איך באַדאַרף ליגן אין וואַסער און דאָסגלייכן.

זיין בריוו האָט מיך נאָכמער אויפגעמונטערט, און איך האָב מיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דערדאָזיקער קונסט. באַלד ווי איך האָב נאָר צוגעמאַכט די טיר פון חדר, בין איך שוין אַוועקגעלאָפן צום ים מיט זיין קילן מחיהדיקן וואַסער, און אין אַ הייסן טאָג בין איך געלאָפן צוויי מאָל צו אים. טיילמאָל האָב איך מיך גישט געקענט געזעגענען מיט זיינע רוישיקע כוואַליעס.

איינער פון די עלטערע הברים האָט מיר געגעבן די ערשטע שווים־לעקציעס. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען געניג פלייסיק און באַוועגלעך, האָב איך באַלד אָנגעיאָגט מיין רבין אין זיינע שווים־בקיאות.

און אָט קען איך שוין שווימען אַליין, גאָר אָן זייטיקער הילף!

איך געדענק, ווי איצט, מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ און מיט וואָס פאַר אַ גאווה איך בין דעמאָלט, אַ רויט־לייביקער, אַרויס פון די ים־כוואַליעס אויפן ברעג. איך האָב געקוקט אויף אַלץ פון אויבן אַראָפּ, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין נישט בלויז אַ שווימער, נאָר אויך אַ פליער, ווייל איך האָב פליגלען אויפן רוקן.

און הערט, קינדער, וואָס איך וועל אייך זאָגן: יענס פאַרגעניגן, וואָס איך האָב געשפּירט, בשעת איך האָב מיך צום ערשטן מאָל אַנידערגעלייגט אויפן וואַסער מיטן פנים אַרויף און דערזען מיינע אייגענע פיס, ווי זיי קוקן מיט די פינגער צום הימל — אָט דאָס פאַרגעניגן ליגט מיר נאָך איצט אויך אין די ביינער!

דאָס איז דאָס פאַרגעניגן פון אַ פייגל, וואָס פליט צום ערשטן מאָל אינדערלופטן...

יאָ, איך בין געווען אַ גוטער שווימער, דאָך האָב איך מיך נישט איינמאָל געטרונקען. עס האָט זיך געטראַכט, אַז די כוואַליעס, וועלכע איך האָב אַזוי ליב, אַזוי ליב, האָבן מיך אויך זייער ליב, און פון גרויס ליבשאַפט האָבן זיי מיך געוואָלט פאַרצוקן... זיי האָבן זיך, קענטיק, נישט געקענט שיידן מיט מיר און האָבן מיך דורכאויס געוואָלט פאַרצוקן אין זייערע טיפע גרינע פאַלאַצן.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך מיך געטרונקען, שוין אַלס שווימער, נישט אין פאַרקטייכל, ווו די שוואַנע, אויב איר געדענקט, האָט מיך מיט אַ צייט פריער מציל געווען פון טויט.

אין פאַרקטייכל האָט מען זיך בכלל נישט געטאָרט באָדן, און, סתם וואָסער קלאָרער מענטש וועט זיך גיין באָדן אין אַ טייכל, ווען ער האָט סאַמע אונטער דער נאָז אַזאַ ים, אַזאַ גרויסן מעכטיקן ים!

אמת, אונדזערע דאָרפסלייט האָבן ליב געהאַט זיך צו באָדן אין קליינינטשקן ים־אויסגוס, וואָס טויג זיך גאָרנישט פאַר דעמדאָזיקן פאַרגעניגן. איך דאַרף אייך זאָגן, אַז זיין זאַמדיקער ברעג, וואָס איז פאַרזייט מיט ווייסע מושלען, איז ווייניק שיין. חוצדעם, פאַרגנבעט זיך דאָרט עפטער אַזאַ שטאַרקער ים־שטראָם, וואָס איז געפערלעך אַפילו פאַר זייער גוטע שווימער.

עמעץ איז שוין דערטרונקען געוואָרן אין דעמדאָזיקן שטראָם. דאָס איז אַפילו געשען שוין זייער לאַנג, און קיינער געדענקט שוין עס נישט. אָבער נאָך גאָר נישט לאַנג האָט דער שטראָם אַ כאַפּ געטאָן צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געבאָדן און האָט זיי אַוועקגעשלעפּט אין אָפענעם ים. עס האָט

געקענט געשען אַ גרויס אומגליק, אָבער מען האָט זיי דאָך געראַטעוועט מיט דער הילף פון אַ שיפל.

די אַלטע חשובע לייט פון דאָרף, וואָס צו זייער מיינונג הערט מען זיך דאָ צו מיט גרויס דרך־ארץ, האָבן אַפילו נישט ליב צו ריידן פון דעם קליינעם, אָבער געפערלעכן ים־אויסגוס. און אויב עמעץ דערמאָנט זיי אַמאָל וועגן דעם, רוקן זיי זיך אַוועק מיט פאַראַכטונג.

מיך האָט מיך אַפילו שטענדיק געחידושט: למאי האַלטן זיי אַזוי פונם קליינטשקן ים־אויסגוס?

אָבער מאַנכע פון די אַלטע לייט האָבן תמיד געזאָגט, אַז דאָרט, אינם ים־אויסגוס, איז קיין שום שטראָם נישטאָ און אַנדערע, ווידער, האָבן באַוויזן מיט ראיות, אַז אַ שטראָם איז יאָ פאַראַן, אָבער ער איז נישט געפערלעך.

דאָך אָבער האָב איך באַמערקט, אַז זייערע אייגענע קינדער און אייניקלעך לאָזן זיי זיך דאָרט נישט באָדן.

פערציק יאָר האָב איך געוואַנדערט איבער די ימים פון דער וועלט, און ערשט איצט, אַז איך בין געקומען אַהיים, אין מיין אייגענעם דאָרף, האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה, פאַרוואָס אונדזערע דאָרפסלייט האָבן אַזוי פיינט צו רעדן פונם ים־אויסגוס.

אונדזער ברעג, קינדער, איז אַ שטיקל הייל־ערט, מען קומט דאָ אַהער נעמען ים־וואַנעס. פון די אָנגעקומענע פאַרדינט מען, נאַטירלעך. אונדזער דאָרף לעבט פון זיי. זיי ברענגען אַריין פרנסה אין דעמראָזיקן שטילן ווינקעלע.

אַזוי־אַרום איז, נאַטירלעך, זייער וויכטיק, אַז אונדזער ים־אויסגוס זאָל האָבן אַ גוטן שם, מען זאָל האָבן צוטרוי צו זיינע כוואַליעס, מען זאָל זיין זיכער, אַז מיט דעמיעניקן, וואָס שטעקט

אריין זיינע פיס אין דידאָזיקע וואַסערן, זאָל קיין שום בייז נישט געשען.

דעריבער האָבן אונדזערע אַלטע חשובע דאָרפסלייט תמיד אויסגעמיידט צו רעדן וועגן דעם ים־אויסגוס, און טאָמער האָט עמעץ יאָ פאַרפירט אַמאָל אַ שמועס וועגן דעמדאָזיקן ענין, האָט מען אים געענטפערט מיט אַ בייזן בליק און מיט פאַראַכטונג.

און אַט, קינדער, האָב איך, אַ דאַנק אונדזערע ליבע גוטע דאָרף־זקנים, זיך צום ערשטן מאָל געטרונקען אין דעמ־דאָזיקן פאַרשאָלטענעם ים־אויסגוס.

איך ווייס, איר קענט נאָך אוודאי זאָגן, אַז דאָס איז גאָרנישט קיין ראיה, ווארום אַט האָב איך דאָך בשלום דער־לעבט מיינע עלטערע יאָרן און קען דאָך רויק זיצן מיט אייך און פאַרברענגען. אָבער, קינדער, די זאַך האָט זיך געקענט ענדיקן זייער, זייער שלעכט, ווען נישט דער שיפער.

העברי בלוז האָט ער געהייסן, און ער האָט מיר גערא־טעוועט דאָס לעבן.

וועגן דעמדאָזיקן פאַל וואָלט זיך אפשר גאָרנישט געלוינט צו רעדן, אָבער אויב איך טו עס, איז עס בלויז דערפאַר, כדי איר זאָלט וויסן, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהייבן מיין באַ־קאַנטשאַפט מיט דעמדאָזיקן מוטיקן העברי, וואָס האָט געשפילט אַזאַ גרויסע ראָל אין מיין שפּעטערדיקן לעבן.

און געשען איז עס אַזוי:

איך בין, ווי געוויינלעך, ווי אַלעמאָל, געקומען צום ברעג און געוואָלט זיך אויסבאָדן. איך ווייס נישט, צי על־פי־טעות, צי עס האָט זיך מיר גלאַט אַזוי פאַרגלוסט צו טוישן מיין שטענדיקן אָרט אין אויסגוס, נאָר ווי די מעשה זאָל נישט זיין, איך בין אַריין אין וואַסער און תיכף אַריינגעפאַלן אין גע־פערלעכן שטראָם.

און אָט האָט מיך דער שטראָם אַ פּאַק געטאָן, ווי אַ קליין טרוקן העלצל, ווי אַ שטרויעלע און האָט מיך מיט גרויס אימפּעט אַוועקגעשלעפּט אין אָפענעם ים.

עס איז מעגלעך, אַז איך בין גלייך אויפן אָרט צעמישט געוואָרן פון שרעק, אָבער עס איז אויך מעגלעך, אַז איך האָב סתם קיין כוח נישט געהאַט זיך צו ראַנגלען מיטן שטראָם — פאָרט נאָך אַ קינד געווען! — און איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט, אַ פאַרלאָרענער, אויפן גרונט...

ווי דורך אַ חלום געדענק איך, אַז דאָרט, נישט ווייט פון יענעם אָרט, וווּ דער גרונט האָט מיך אַ ציי געטאָן פאַר די פיס, איז געשטאַנען אַ פלאַך שיפל, און אין שיפל איז געזעסן אַ מענטש, וואָס איז תיכף ומיד אַנטרונען געוואָרן.

עפּעס אַ גערויש, אַ שטאַרקער קלאַפּ, ווי אַ דונער וואָלט אַרויסגעפאַלן פון הימל, האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין אויער, און אין קאָפּ איז מיר שנעל אויסגעלאָשן געוואָרן דער געדאַנק, ווי דאָס ליכט-פלעמל פון ווינט.

איך בין אַזוי ווי געשטאָרבן, ווארום איך האָב גאָרנישט געהערט, גאָרנישט געזען, גאָרנישט געפילט און, נאַטירלעך, גאָרנישט געדענקט.

איך בין געלעגן אויפן גרונט...

נו, און נאָכדעם האָב איך געעפנט די אויגן. עמעץ האָט מיך געראַטעוועט. איך האָב געזען, איך האָב גוט געזען: אַ יונגער מענטש שטייט און פאָרעט זיך איבער מיר.

ער האָט מיר געריבן דאָס לייב, אַריינגעבלאָזן לופט אין אויסגעריסענעם מויל, געטרייסלט מיך אין אַלע זייטן און ווידער־אַמאָל געריבן מיר דאָס לייב און עפּטער און עפּטער געקיצלט מיר מיט אַ פעדער דעם שפּיץ נאָז.

יאָ, דאָס איז געווען העברי בלוּ.

דערזען, אַז איך בין געקומען צו זיך, אַז איך בין אָפּ־געראַטעוועט געוואָרן, האָט ער מיך גענומען אויף די הענט און האָט מיך אַוועקגעטראָגן צו מיין מוטער.

מיין מוטער האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן און איז אַנידערגעפאַלן אין חלשות. זי האָט זיך אָבער געשטאַרקט, גע־עפנט די אויגן, זיך אויפגעהייבן אויף די פיס און מיט פאַר־ביסענע ליפּן זיך גענומען פאָרן אַרום מיר.

מען האָט מיר געגעבן אַ ביסל וויין, איינגעדעקט מיך מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע, אַרומגעלייגט מיך מיט הייסע ציגל און הייסע פלעשער, עפּטער מיר געגעבן צום שמעקן עסיק־טראָפּנס און אַמאָניאַק, און אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגע־לאָזט מיך פון אויג.

מען האָט זיך געטענטלט מיט מיר, ווי מיט אַ פּיצל קינד, וואָס איז שטערבלעך קראַנק געוואָרן.

נו, איך דאַרף אייך קיין סך נישט ברייען — אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך שוין געווען פריש און געזונט און פריילעך, ווי נאָך קיינמאָל נישט.

איך האָב געהאַט אַן אַפּעטיט פון אַ וואָלף און אַ געמיט פון אַ יינגל, וואָס דאָס הערץ איז אים פאַרגאָסן מיט לויטערער שמחה.

און שטעלט אייך פאָר: פון דערדאָזיקער לעקציע מיטן טרינקען זיך, מיטן כּחד און מיטן טויט, וואָס איז שוין געזעסן אין מיר, האָב איך גאָרנישט אָפּגעלערנט, קיין שום פּעולה נישט געהאַט, ווי איר וועט עס, קינדער, אַליין איינזען פון מיין ווייטערדיקער דערציילונג.

## אין ים.

פֿאָ, קינדער, אַ גרויסע סכּנה האָב איך אויסגעמידן, אָבער מיין
תאווה צום ים איז אויף אַ האָר נישט קלענער געוואָרן.
פאַרקערט, דער ים האָט מיך נישט געלאָזט רוען און האָט מיך
געשלעפּט און געצויגן סיי טאָג און סיי נאַכט.

איך בין געווען פאַרליבט אין ים, אָבער איך האָב מיך
אויך פאַרליבט אין יענעם יונגן מענטש, וואָס זיין נאָמען איז
געווען העגרי בלו.

און העגרי בלו, דאַרף איך אייך זאָגן, איז אויך געווען
אַזוי גוט און האַרציק, ווי העלדיש און דרייסט, און זיין שמייכל
האָט מיך אַנטציקט ביז טרערן.

איך קען אייך זאָגן, אַז ער האָט מיך אויך ליב געקראָגן.
ער האָט מיר געצאָלט מיט דערזעלבער מטבע און נאָך אפשר
מיט אַ גרעסערער, ווי איך אים, און געדאַכט האָט זיך, אַז מיר
האָבן דאָ פון גרויס ליבע צעמישט די יוצרות, דאָס הייסט, אַז
נישט ער מיר, נאָר אַז איך האָב אים געראַטעוועט דאָס לעבן...

פון איצט אָן איז ער געוואָרן מיין ים־רבי: ער האָט מיך פאַרפולקומט אין שווימען און האָט מיך געלערנט, ווי אַזוי צו אַרבעטן מיט די רודערס.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך אַזוי גוט און לייכט באַהערשט די רודערס, אַז מיין לאָדקע איז געפלויגן איבערן וואַסער, ווי אויף פליגלען.

דער עולם אויפן ברעג האָט זיך פשוט נישט געקענט אָפּ־חידושן פון מיין געשיקטקייט.

פון אַנדערע אָבער האָבן זיך, ווי עס טרעפט אין אַזעלכע פאַלן, געשאָטן אויף מיין אַדרעס שטעכווערטלעך, בייסיקע וויצלעך און חוזק...

שטעלט אייך אָבער פאָר מיין התפעלות, ווען מיין ים־רבי האָט מיר דערלויבט אַריבערצופירן די לאָדקע פונם קליינ־ניטשקן ים־אויסגוס צו יענעם ברעג, ווו העברי איז געשטאַנען און געוואַרט אויף מיר.

פאַרבייפאָרנדיק דעם ברעג, ווו עס איז געשטאַנען צוגע־בונדן אַ שיפל, האָב איך דערהערט, ווי מען חוזקט איבער מיר. שלעכטע ווערטער זענען געפאַלן אויף מיין קאָפּ.

„זעט נאָר, ווי דער גיבור זיצט עס ביי די רודערס!“ — האָט מען געשריען צו מיר.

„אַז אָך און וויי צום ים, ווער עס פאָרט אויף אים!“

„ער דאַרף דאָך נאָך זויגן די ברוסט, צו אַלדי שוואַרץ יאָר!“

אַזוי האָט מען געשריען און געחוזקט איבער מיר.

אָבער מיר איז עס גאָרנישט אָנגעגאַנגען. איך האָב מיך גאָרנישט באַליידיקט. איך בין ביי זיך געווען זיבער און שטאָלץ.

פאַרקערט, דערדאָזיקער גראָבער חוזק האָט נאָך צענפאַך פאַרגרעסערט מיין חושק און פאַרשטאַרקט מיין פלייס און מיין

ווילן, און איך האָב זיי געוואָלט ווייזן, ווי דראָזיקע לייט, דידראָזיקע העסלעכע אָפּלאַכער, אַז איך קען פירן די לאָדקע לויט מיין רצון, אַז זי ליגט אינגאַנצן ווי אַ שפּילכל אין מיינע צוויי יונגע הענטלעך און אַז איך קען מיך אפשר אויסגלייכן מיט דידראָזיקע אָפּלאַכער.

און איך האָב זיי טאַקע צוגעמאַכט דאָס מויל!

מען האָט אויפגעהערט צו לאַכן פון מיר. דער עולם האָט מיך אָנגעקוקט מיט ערנסטע אויגן.

יאָ, איך האָב זיי געצוווּנגען דערצו.

עלטערע מענטשן האָבן מיר געזאָגט „גוט-מאָרגן!" מען האָט גערעדט פון מיר אין דאָרף, אין די אַרומיקע ישובים...

טיילמאָל האָט מען מיך גיטמוטיק צוגעוואָרפן קליי-ניטשקער ים-מענטשעלע און שפּעטער האָט מען מיר צוגעמאָסטן דעם נאָמען קליי-ניטשקער ים-וואָלף.

אָך, דערדאָזיקער נאָמען האָט מיך קיינמאָל נישט באַליי-דיקט. און ביינאַכט, ווען איך פלעג ליגן אין בעט, פלעגט ער מיר קלינגען אין די אויערן, ווי זיסע מוזיק.

מיינע היימישע האָבן באַשלאָסן, איך זאָל איבערגיין אינ-גאַנצן צום ים, און מען האָט אַפילו באַשטימט, איך זאָל באַ-גלייטן מיין פאָטער אין זיין שפּעטערדיקער נסיעה.

איך האָב מיך, נאַטירלעך, אויסגעפּוצט אין אַ מאַטראָזן-אַנצוגל: אַ קורטקעלע פון בלויען דראַפּ מיט אַן אָפּגעלעגטן קאָלנערל, ברייטע בלויע הייזלעך און אַ שוואַרצער זיידענער קראַוואַט.

— קליינינטשקער ים-וואָלף! — האָט מיך הענרי בלו גע-רופן און האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרליבטע אויגן.

הענרי בלוס געשעפטן זענען דעמאָלט געגאַנגען זייער גוט. ער האָט געהאַט צוויי אייגענע „שיפן". איינע פון זיי האָט

געהייסן קליינער באָט*). דאָסדאָזיקע שיפל פלעגט ער גע־ברויכן אין אַזוינע פאַלן, ווען מען האָט באַדאַרפט אַריבערפירן עטלעכע מענטשן פאַר אַמאָל. די צווייטע שיף, ווידער, איז גאָר געווען אַ פּיטשינקס, אַ קליינס, און האָט געקענט אויס־האַלטן בלויז איין פּאַסאַזשיר.

זומער־לעב, בשעת דער עולם האָט זיך געבאָדן און לוס־טיקע פאָרלעך פלעגן ווען מאַכן אַ קליינעם ים־שפּאַציר, האָט דער קליינער באָט געהאַט אַ סך אַרבעט. דאָס קלייניטשקע שיפעלע, דאָס טל־ומטרל, ווידער, איז געשטאַנען צוגעבונדן צום ברעג.

דעמאָלט איז דאָס טל־ומטרל געוואָרן מיינס. אַמאָל פלעג איך פאָרן אַליין און אַמאָל פלעג איך אַריינשלעפּן אַ קליינעם חברל אין לאָדקעלע.

אָפּגעפּטרט דעם חדר, פלעג איך אַריינשפּרינגען אין לאָדקעלע און נעמען שניידן דעם ים־אויסגוס אין אַלע זייטן. זעלטן אָבער פלעג איך מאַכן מיין ים־נסיעה אַליין. עס האָט זיך שטענדיק געפונען אַ חבר, וואָס האָט געהאַט גרויס חשק צום ים און גרויס ליבע צו זיינע כוואַליעס.

און געפירט האָב איך דאָס לאָדקעלע — איך בערים מיך נישט — ווי אַ מזיק!

איך האָב שוין פאַרשטאַנען דעם ים, און איך האָב גע־פילט, ווען מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק און ווען נישט. אין אָפענעם ים פלעגן מיר זיך אַרויסלאָזן נאָר דעמאָלט, ווען ער איז געווען רויק און שטיל, ווען ער האָט נישט געבושטעוועט, ווען ער האָט געשלאָפן — אַזוי האָט מיר העגרי אָנגעזאָגט.

ון איך האָב אים געפאָלגט.

---

*) אַ קליין שיפל, גייט סיי מיט זעגלען, סיי מיט דער הילף פון רודערס.

זעלטן-זעלטן פלעגן מיר זיך דערווייטערן פון ברעג. איך האָב אַפילו נישט געטרויט די היימישע וואַסערן פון ים-אויסגוס.

מען איז דאָך אָבער נישט מער, ווי אַ מענטש, בפרט נאָך, אַז מען האָט אַזוי ליב דעם ים און אַז די אייגענע כוחות און דער מוט שטאַרקן זיך פון שעה צו שעה. און אָט האָב איך ביסלעכווייז פאַרלאָרן דעם חוש פון פחד, פון פאָרזיכטיקייט.

עס האָט זיך געוואָלט עפּעס מער נעמען ביים ים...

הענ״י האָט מיר אַפילו באַמערקט, אַז איך האַלט מיך שוין אַ ביסל צו פריי אויפן ים און אַז מיט אים, מיטן ים, טאָר מען זיך נישט שפּילן, ווארים ער האָט פייגט המצאות און שפּילכלעך.

ער האָט עס געזאָגט מיט גרויס ערנסט און בעת מעשה מיר טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן. האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל מיך האַלטן אין זיין עצה, ווי אין אַ געזעץ, פון וועלכן מען טאָר נישט אָפּ-טרעטן אויף אַ האָר.

צו מיין אומגליק אָבער האָב איך דערהערט, ווי ער האָט זיך אָנגערופן אין אַ ווײַלע אַרום צו אַ באַקאַנטן אויפן ברעג:

„דאָס איז אַ יונג, שוין איינמאָל אַ יונג! אָט דאָס קליינע הערצל, וואָס קלאַפּט אין ים, ווייס נישט פון קיין פחד, און דער ים, דער אַלטער גרויסער ים וועט זיך אים אונטער-געבן, ווייל ער האָט ליב שטאַרקע דרייסטע מוטיקע מענטשן, מעגן זיי אַפילו זיין נאָך קינדער"!...

איך האָב געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי צו מיר זענען כלומרשט נישט דערגאַנגען דידאָזיקע ווערטער, אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך שוין געטראַכט, אַז זיין עצה קען שוין נישט גילטן פאַר מיר, ווי אַ געזעץ. איך האָב דאָך דייטלעך געהערט: דער

ים האָט פיינט פחדנות, שרעקעוודיקייט און האָט דווקא ליב דרייסקייט און מוט.

זיין עצה איז געפאַלן אין מיינע אויגן, און פון איצט אָן האָב איך מיך גענומען פלייסן מיט גאווה־מוט און גאווה־העלדישקייט...

פריי און לייכט, אָן שום שרעק, האָב איך מיך געהאַלטן מיט מיין שיפל אויף די אומזיכערע כוואַליעס, ווי אַ ים־פייגל.

דאָס איז געווען שיין, דאָס איז געווען העלדיש, אָבער דאָס האָט מיר געקענט קאָסטן דאָס לעבן... יאָ, דאָס אומגליק האָט דעמאָלט געלויערט אויף מיר פון אַלע זייטן.

אָבער פריער לאָמיר איך פאַרציילן פון גאָר אַן אַנדער אומגליק, וואָס האָט מיך דעמאָלט געטראָפן און וואָס האָט לגמרי געענדערט דעם נאָרמאַלן וועג פון מיין לעבן.

איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, אַז מיין פאָטער איז געווען דער אָנפירער פון אַ האַנדלס־שיף, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די אַמעריקאַנישע אינזלען.

אינדערהיים פלעגט ער זיך זעלטן ווייזן, און איך געדענק אים זייער ווייניק. אין מיין זכרון זע איך בלויז אַ שיין ליב פנים, שוואַרץ פון ווינטן און פון ים־שטורעמס, און אַ האַרציק, האַרציק שמייכעלע...

די מוטער מיינע האָט אים זייער ליב געהאַט. זי איז געשטאָרבן עטוואָס שפּעטער פון מיין פאָטער. זיין טויט ערגעץ ווייט, ווייט אין ים, ווייט פון היים און ווייב, איז פאַר איר געווען אַזאַ קלאַפּ, אַז דאָס האַרץ האָט זיך איר אָפּגעשטעלט.

און אָט בין איך געבליבן אַ יתום, אָן טאַטע־מאַמע, אָן אַ היים, אָן מיטלען צום לעבן.

מיין פאָטער, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן געאַרבעט מיט אַלע כוחות, כדי צו פאַרזיכערן זיין קליינע פאַמיליע, מען זאָל

קענען אויף דער עלטער לעבן שטיל און רויק. אָן זאָרג, האָט גאָרנישט געהאַט פון זיין אַרבעט.

דאָס, וואָס ער האָט פאַרדינט און האָט צוגעשיקט אַהיים, האָט אונדז געקענט קלעקן פאַר היינטיקן טאָג, אָבער פאַרן מאָרגן האָבן מיר געהאַט ליידיקע קעשענעס.

און טיילמאָל טראַכט איך טאַקע: וואָס וואָלט געשען מיט מיין מוטער, ווען זי בלייבט לעבן?

בעטלען אפשר? אָט דעם וואָרט עקלט מיר, און דעריבער טראַכט איך, אַז ס'איז אפשר גלייכער וואָס זי איז געשטאָרבן. דער טויט האָט זי דאָך מציל געווען פון שווערער נויט און בזיון.

פאַר מיר האָט זיך אָבער אָנגעהייבן אַ שווער ביטער לעבן, און קודם כל האָב איך מיך געמוזט אָפּגעזעגענען מיטן ים.

איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מיין זיס היים-ווינקעלע און אויסוואַנדערן צו מיינעם אַ פעטער.

דער פעטער איז אפילו געווען מיין מוטערס אַ ברודער, אָבער ער האָט גאָרנישט געפילט צו זיין שוועסטער.

דאָס איז געווען אַ מענטש אַ שווערער, אַ האַרטער, אַ גראָבער, און צו מיר האָט ער זיך באַצויגן, ווי צום ערגסטן משרת זיינעם, און איך האָב געמוזט אַרבעטן און פראַצעווען, ווי אַ משרת, אַ שקלאַף, אַ קנעכט. מיין פעטער איז געווען אַ פערמער, האָט ער מיך באַלד איינגעשפּאַנט אין דער שווערסטער דאָרף-אַרבעט.

פון פרי ביז נאַכט האָב איך מיך געמוזט פאָרען אַרום זיינע שעפסן, געבן צו טרינקען די פערד, נאָכלויפן נאָך זיינע קי און חזירים און טאָן נאָך אַנדערע שווערע אַרבעטן.

און געווען בין איך דאָך אַ קינד, איך האָב מיך גאָר באַדאַרפט לערנען, גיין אין שול אַריין.

צום גליק, האָט נאָך געהערשט אויף דער וועלט אַ שטיקל זונטיק, אַ טאָג, ווען מען האָט געקענט אָפּרוען. גערוט האָט מען אָבער ביי מיין פעטער נישט דערפאַר, ווייל ער איז, חלילה, געווען פרום און האָט געוואָלט אָפּהיטן אַ רעליגיעזן געזעץ, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל אין דעם טאָג האָט מען אין ערגעץ נישט געאַרבעט.

עס איז שוין געווען אַזאַ מנהג, און ער איז מעכאַניש אָפּגעהיט געוואָרן.

מיין פעטער איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען, וואָס איך טו אין מיינע זיסע זונטיק-שעהן. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף מיר, און דעריבער בין איך געווען פריי און האָב אויך געקענט טאָן, וואָס איך האָב געוואָלט.

צו דער ערד האָב איך אָבער קיין שום חשק נישט גע-האַט, אויך די בערג האָבן נישט געצויגן. אפילו אַ נעסט פון פייגל, וואָס ייגגלעך זענען דערויף אַזוינע בעלנים, האָט אויך קיין שום ווערט נישט געהאַט אין מיינע אויגן.

מיך האָט געצויגן דער ים... ניין, ער האָט מיך גערופן! דער ים האָט מיך גערופן..!

און באַלד ווי עס איז געקומען דער לייטזעליקער זונטיק, בין איך, אַ הייסער, אַ צאַפּלדיקער, אַוועקגעפלויגן צו העברי בלו, וואָס האָט מיך גלייך אַריינגעזעצט אין זיין קליינעם באָט אָדער לאָדקעלע.

מיין מוטער פלעגט מיר תמיד זאָגן, אַז אפילו יום-טוב-צייט באַדאַרף אויך אַ מענטש נישט זיצן ליידיק. אָבער אַזוי ווי מען האָט ביים פעטער געפראַצעוועט איבער די כוחות, האָב איך מיר געטראַכט, אַז איך מעג זונטיק פאַרברענגען בלויז אין שמחה און הנאה.

אָבער איין זונטיק איז מיר אויסגעפאַלן זייער נישט קיין גליקלעכער. און מיר שיינט, אַז נאָך אַזאַ טאָג פון שרעק און צער האָב איך מער נישט געהאַט אין מיין לעבן.

איבער מיר האָט געטאַנצט דער טויט.

## אויפֿן אינדזעלע.

געווען איז עס אין אַ שיינעם מאַי-זונטיק. דערדאָזיקער טאָג שטייט מיר נאָך עד-היום אַזוי ליכטיק אין זכרון.

די זון האָט אויפֿגעריסן דעם הימל מיט איר ליכט. די לופֿט איז אָנגעפּילט געווען מיט פֿייגלגעזאַנג. דער קוקו איז געפֿלויגן פֿון בוים צו בוים און געלאָזט פֿאַלן פֿון דער הויך זיין מוזיקאַלישן קו-קו...

די ביימער זענען געשטאַנען אין שניי-ווייסער בליונג. אויף די פֿעלדער האָט אַ לייכט ווינטל געשפּילט מיט די יונגע תּבֿואות. פֿון אומעטום האָט זיך געטראָגן אַ מחיהדיקער ריח פֿון יונגע גראָזן און פֿון פֿעלד-בלימלעך...

מיינע אויגן אָבער זענען געווען בלינד פֿאַר דעם אַלעם. מיך האָט גערופֿן דער ים.

און אַז איך בין אַרויס פֿון שטוב, האָב איך באַלד אויפֿגעהייבן מיינע אויגן צום ים. מיר האָט זיך געוואָלט ליגן אין אים, אַריין אין זיינע קילע שטרענגע וואַסערן.

און איך בין געגאַנגען צום ים פֿאַרן פֿרישטיק, וואָרים איך האָב מורא געהאַט, אַז דער פֿעטער זאָל מיר ביים פֿרישטיק נישט אַרײַנפּאַקן עפּעס אַ נײַי מלאכהלע, כאָטש עס איז געווען זונטיק.

איך דאַרף אייך אָבער באַמערקן, אַז דער פֿעטער האָט מיר שטרענג (אַלץ איז ביי אים געווען ש ט ר ע נ ג) אָנגעזאָגט, איך זאָל מיך נישט שיפֿן אויפֿן ים בכלל און נישט האָבן צו טאָן מיט לאָדקעס. און דעריבער האָב איך נישט געקענט גיין צום ים מיטן גלײַכן קורצן וועג, נאָר מיט זײַטיקע פֿאַרדרייטע און פֿאַרפֿלאָכטענע וועגלעך און שטעגלעך.

אַזוי בין איך אַרויס פֿון שטוב אין יענעם זונטיק, און גייענדיק צום ים אויף די זײַטיקע וועגלעך, האָב איך קיין איין באַקאַנטן נישט געטראָפֿן.

אַז איך בין געקומען צום ברעג, ווו העבריס שיפֿלעך זענען געשטאַנען, האָב איך געזען, אַז דער קליינער באָט איז אָפּגעבונדן, און דאָס לאָדקעלע שטייט פֿריי.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך געהאַט בדעה צו מאַכן מיטן קליינעם לאָדקעלע אַ רעכטע נסיעה איבערן ים. אָבער אַז איך האָב מיך בעסער צוגעקוקט צום לאָדקעלע, האָב איך איינגעזען, אַז עס איז עפּעס נישט אין אָרדנונג.

דער גאַנצער דנאָ איז געווען פֿאַרטרונקען מיט וואַסער און דערביי איז געלעגן אַן אַלטער טעלער, מיט וועלכן העברי האָט פֿריער מסתמא געפּרוווט אויסשעפּן דאָס וואַסער.

עס איז געווען אַ פֿאַרשטענדלעכע זאַך: אויב איך וויל מיך באַנוצן מיט דער לאָדקע, באַדאַרף איך אויסשעפּן דאָס וואַסער. איך האָב אַזוי געטאָן. געאַרבעט האָב איך אַ מינוט צען, דעמאָלט האָב איך איינגעפֿונען, אַז ס'איז גענוג: מען קען שוין פֿאָרן.

איצט האָב איך מיך געניייטיקט אין די רודערס. איך האָב געוווסט, אַז די רודעו־ס ליגן ביי העגרין אין שטאַל, און מיין חשבון איז געווען אַזאַ: קוים האָט ער מיר איינמאָל דערלויבט זיי צו נעמען אַליין, גאָר אָן אים, מעג איך עס דאָך טאָן אויך אַ צווייט מאָל.

און אָט האָב איך טאַקע אָן זיין וויסן אַרויסגעשלעפּט די רודערס פון שטאַל, צוגעפּעסטיקט זיי צו דער לאָדקע, זיך אַוועקגעזעצט אינמיטן אויפן לאָדקע-בענקעלע און — מאַרש אויפן וואַסער!

דאָס לאָדקעלע איז געגאַנגען גלייך און לייכט און גע־שניטן מיט דער נאָז די כוואַליעס, ווי אַ פּריילעכער פיש.

קיינמאָל האָט מיר נאָך דאָס האַרץ נישט געקלאַפּט אַזוי פריידיק און פריי, ווי דאַסמאָל.

די זון האָט פאַרפלייצט דעם ים מיט ליכט. עס איז גע־ווען שטיל און רויק, ווי אויף אַ טייך.

דאָס וואַסער איז געווען וווּנדערלעך דורכזיכטיק, אַזוי, אַז מען האָט געקענט דייטלעך זען, ווי די פיש שפּאַצירן אַרום אין די טיפענישן. מען האָט אַפילו געקענט זען די ים-קרעבסן, וואָס האָבן מיר אויסגעוויזן אינם וואַסער ווי קליינינטשקע גאָל־דענע מטבעלעך.

מאַנכע ים-קרעבסן זענען אַרומגעלאָפן איבערן דנאָ, ווי איבער טרוקענער יבשה און אַנדערע זענען שווער אַרומגעקראָכן און, קענטיק, געזוכט וואָס צו עסן.

אין ליכטיקן וואַסער האָט מען געקענט זען די ברייטע שאָלפיש, הערינג, וועלשן, און עפּעס אַ משונהדיקן מין פיש מיט פאַרביקע פעדערן.

אין דעמדאָזיקן רויקן טאָג האָט דער ים גוטמוטיק באַ־וויזן זיינע אינווענייקסטע אוצרות:

אָך, וואָס פאַר אַ רחבות, וואָס פאַר אַ תענוג, וואָס פאַר אַ גליקלעכע פרייהייט.

יאָ, איך האָב דעמאָלט פעסט באַשלאָסן: איך מוז מאַכן אַ ווייטע און אַ זעלבשטענדיקע נסיעה.

נו, איר וועט אַוודאי פרעגן:

„וווּהין?"

טאָ האָרכט-זשע אויס מיט קאָפּ.

ביי אַ דריי מייל פון ברעג איז געלעגן אַ קליין אינדזעלע. מחמת די כוואַליעס פלעגן עס עפּטער פאַרגיסן און פאַרטרינקען, האָט מען צום אינדזעלע צוגעפעסטיקט אַ הויכן דראָנג, וואָס האָט באַדאַרפט וואָרענען די שיפן פאַר אַ סכנה.

אין דער צייט פון ים-אָפּלויף איז דאָס גאַנצע אינדזעלע אַנטפּלעקט געוואָרן פאַרן אויג. געוויינלעך איז דאָס אינדזעלע געווען אַ שוואַרצס, טיילמאָל אָבער פלעגט עס אַרויס-טרעטן פון ים בלענד-ווייס, פונקט ווי באַדעקט מיט ערשט-געפאַלענעם קלאָרן שניי.

די-אָזיקע אויסטערלישע ענדערונגען האָבן מיך קיינמאָל נישט איבערראַשט און געחידושט, ווייל איך האָב וווּל געוווּסט, פונוואַנען עס נעמט זיך די ווייסקייט. דאָס איז געווען נישט קיין שניי און נישט קיין ווייסע בלומען, נאָר ווייסע פייגל, וואָס זענען געקומען אויפן אינדזל זיך אויסרוען.

אַ טייל פון זיי האָט געוויינלעך גערוט און די איבעריקע האָבן געזוכט פיש אין ים.

דאָס-אָזיקע אינדזעלע האָט אָבער שוין לאַנג צוגעצויגן מיין אויג און מיין האַרץ. מיך האָבן שטאַרק אינטערעסירט די ווייסע פייגל. איך האָב זיי געוואָלט זען פון דערבאַנענט.

אַפילו פונדערווייטנס האָט מען געקענט זען, ווי זיי פליען מתנועותווייז פון אַלע זייטן, פאַרכאַפּן דאָס אינדזעלע און זעצן

זיך אויס אַזוי נאָענט און געדיכט פונאייַנאַנדער, אַז עס בלייבט גישט איבער קיין איין שוואַרץ פינטעלע אויפן אינדזל.

דאָס זענען אייגנטלעך געווען ים-פייגל, וואָס האָבן אָנגעהערט צו פאַרשידענע מינים. טיילמאָל האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן זיי אויך ים-שוועלבעלעך. אַזוי, לפּחות, האָט עס מיר אויסגעוויזן, וואָרום פון ווייטן ברעג איז געווען שווער אונטערצושיידן איין מין פון צווייטן.

ווען איין פייגל, אַ שטייגער, וואָלט געזעסן אויפן אינדזעלע אָדער ווען ער וואָלט זיך אויפגעהייבן פון דער ערד, וואָלט מען אים גאָרנישט געקענט באַמערקן מיטן אויג. באַמערקן האָט מען זיי געקענט נישט אין איינצל, נאָר אין דער גרויסער ווייסער אומרויקער מאַסע...

אַ מאָדנע זאַך: פון קינדוווייז אָן איז מיר אָט דאָס אינדזעלע געלעגן אין אויג און אין האַרץ. און ווען איך בין געשטאַנען אויפן ברעג, איז מיין בליק געפלויגן צו אים.

איך האָב געקענט יעדן פעלז, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון אים און די קרומע ליניעס פון זיינע ברעגן. פון ווייטן האָט דאָס אינדזעלע מיטן הויכן דראַנג אויסגעזען ווי אַ מאָוימדיקער וואַלפיש, וואָס אין זיין רוקן איז געבליבן שטעקן אַ האַרפּון.

אויך דער דראַנג האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט. איך האָב געהאַט גרויס חשק אַרומצוטאַפּן אים מיט די הענט, זען, ווי הויך ער איז, ווי אַזוי, אַ שטייגער, איז ער צוגעפעסטיקט צו דער ערד און דאָסגלייכן. פון ברעג האָט ער דאָך אויסגעזען, ווי אַ קליין שטעקעלע.

בשעת די כוואַליעס האָבן זיך ווילד אויפגעהייבן, האָבן זיי פאַרגאָסן נישט בלויז דאָס אינדזעלע מיטן דראַנג, נאָר אויך די קויל, וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט צום דראַנג. און דאָך איז

ער נישט אומגעפאַלן, דער דראַנג, כאַטש מיט אים האָבן זיך אַזוי ביטער געראַנגלט סיי די ים-שטורעמס און סיי די כוואַליעס.

דאָס אינדזעלע איז געלעגן ווייט פון ברעג. אַוועקלאָזן זיך אַליין אויף אַ שיפל, איז געווען צו ריזיקאַליש, איך האָב אָבער בשום אופן נישט געקענט געפינען עפּעס אַ חבר, וואָס זאָל וועלן מיט מיר מיטמאַכן די נסיעה.

נאַטירלעך, דאָס בעסטע און דאָס קליגסטע וואָלט געווען, ווען הענרי גלו זעצט זיך אריין צוזאַמען מיט מיר אין שיפל און מיר ביידע לאָזן זיך אַוועק איבערן וואַסער. אים האָט אָבער דאָס אינדזעלע ווייניק אינטערעסירט און ער האָט גאָרנישט געטראַכט פון אַזאַ נסיעה.

בכלל האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיך ציט דאָ אַזוי צום פעלזיקן אינדזעלע. ער אַליין איז שוין דאָרט געווען נישט איינמאָל. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט אפילו צוגעבונדן זיין שיפל צום דראַנג, בשעת ער האָט געוואָלט פאַנגען פיש אָדער שיסן פייגל, און האָט אין דעם אַלעם קיין שום חידושים נישט געזען. פאַר אים איז דאָס בלויז געווען אַ שטיינערנע מאַסע, וואָס איז אַרויסגעטראָטן פון ים-פלאַך, און נישט מער.

חוצדעם, האָט ער זונטיק תמיד פאַרבראַכט מיט זיינע חברים, און האָט פאַר מיר קיין פרייע צייט נישט געהאַט.

איך האָב לאַנג געוואַרט אויפן ברעג, טאָמער וועט זיך פאַרט אָפּגעפינען אַ בעלן, וואָס וועט וועלן צופאָרן מיט מיר צום אינדזעלע, אָבער אַז ס'איז קיין שום בעלן נישט געווען, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך באַדאַרף פאָרן אַליין. נישקשה, איך בין יונג און געשיקט, און איך טאָר מיך נישט שרעקן.

ווארים פאַר מיר, פאַר מיינע יונגע כוחות איז פחד — אַ פאַרברעך...

אַזוי האָב איך געטראַכט און בעת מעשה זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אינם ווייטן אינדזעלע.

און אַט האָב איך זיכער און פעסט אַוועקגעלאָזט דאָס לאָדקעלע — עס זאָל גיין זיין באַשטימטן וועג.„

## ים־פייגל.

מיין אונטערנעמונג איז אין תוך גאָרנישט געווען אַזאַ געפערלעכע, ווי מען קען מיינען, אָבער פֿאַר אַ קינד פון מיין עלטער איז דאָס געווען אַ ביסל צו דרייסט.

איך האָב באַדאַרפט אַדורכגיין מיטן שיפל גאַנצע דריי מייל, איבער אַ טיפן ים און כמעט פאַרלירן דעם ברעג פון די אויגן.

ביז אַהער בין איך נאָך קיינמאָל נישט פאַרקראָכן אין ים אַזוי ווייט. על־פּי־רוב פלעג איך מיך דערווייטערן פון ברעג נישט מער ווי אויף אַ מייל, און דאָס לאָדקעלע פלעגט זיך גליטשן נאָר אין אַזוינע ערטער, וווּ דאָס וואַסער איז נישט געווען טיף.

אמת, מיט העניקן האָב איך טיילמאָל געזען ווייטערע ערטער אויך, אָבער דער פירער איז געווען העניק, נישט איך, און אויף אים האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן.

איצט אָבער בין איך אַליין געווען דער קאַפּיטאַן און דער פּאַסאַזשיר, און טאָמער זאָל עפּעס פּאַסירן מיט מיר, ווער

די הילף נאָר מוזן קומען פון מיר אַליין. קיינער, קיינער וועט מיר נישט קענען העלפן!

אָפּגעשווומען ביי אַ מייל פון ברעג, האָב איך איינגעזען, אַז די נסיעה ווערט עפּעס שווערלעך: די כוואַליעס פאַר־שטאַרקן זיך, אַ גרויער וואָלקן רוקט זיך, ווי אַ בער, פון האָריזאָנט...

אייגנטלעך האָב איך גלייך פון דעם אָרט באַדאַרפט זיך אומקערן צום ברעג. וואָס איז דאָ צו טראַכטן אַ סך? אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עמעץ פון מיינע חברים, וואָס האָט אוודאי מיט גרויס קנאה זיך צוגעקוקט אויפן ברעג צו דער דרייסטער התחלה פון מיין אונטערנעמונג, וועט איצט, נאַטירלעך, באַמערקן מיין פּחדנישן צוריקקער און וועט מיך דעריבער באַ־געגענען מיט חוזק און געלעכטער.

און אַלע וועלן נעמען פון מיר חוזקן: אַלע יינגלעך און דערוואַקסענע, גרויס און קליין, און איך וועל מיך זיכער מוזן באַגראָבן פון חרפּה...

קיין צוריקקער האָט שוין דעריבער נישט געקענט זיין. מאַכט מען אָן אָנהייב, דאַרף מען קענען אויסהאַלטן ביז צום סוף.

און איך בין ווייטער געשוואומען אָן הפסקות.

אַז איך האָב מיך דערנענט צום אינדזעלע, האָב איך אָפּגעלאָזט די רודערס. מיינע אויגן זענען געפאַלן אויף די שוואַרצע פעלזן־ווענט, וואָס האָבן זיך שטרענג געהייבן איבער דעם נידעריקן וואַסער.

אָבער פון אַלע זייטן איז דאָס אינדזעלע געווען געדיכט באַדעקט און באַזעצט מיט ווייסע ים־פייגל, ווי מיט אַ ווייסן ליילעך. און פון אויבן האָבן זיך נאָך געדרייט געוואַלטיקע משאַטעס פייגל, געדרייט און געפלאָנטערט אין משונהדיקע קרייזן און

בשעת מעשה פאַרהילכט און פאַרטרייסלט די לופט מיט די ווילדע געשרייען.

און איך האָב מיך אַלץ נענטער און נענטער געררוקט צום אינדזעלע... שטיל בין איך געזעסן אין לאָדקע מיט אַרויפגעריסענע אויגן צו די פייגל.

איך האָב אָבער נישט געוווסט, פאַרוואָס זיי שרייען אַזוי און פאַרוואָס זיי דרייען זיך ווילד אַהין און צוריק. איך האָב געזוכט די סיבה דערפון, און מיר איז איינגעפאַלן, אַז זיי שרעקן זיך אפשר פאַר מיר. האָב איך מיך איינגעשרומפּן אין לאָדקע און געמאַכט די שטילסטע באַוועגונגען, פונקט ווי איך וואָלט פאַרגליווערט געוואָרן.

צוגעשווומען נאָך נענטער צום אינדזעלע, האָב איך שוין נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די ים-פייגל. איצט האָב איך געזען, אַז זיי שרעקן זיך גאָרנישט פאַר מיר. איך בין זיי זייער ווייניק אָנגעגאַנגען. ערשט שפּעטער בין איך דערגאַנגען דעם סוד דערפון.

די ים-פייגל שרעקן זיך נישט פאַר מענטשן, זיי האָבן אָבער מורא פאַר געווער — פאַר אַ ביקס, צום ביישפּיל. אין דעם פּרט זענען זיי זייער פּראַקטיש.

זייער ערשטער קוק אויף אַ מענטשן — איז אייגנטלעך אַ רעוויזיע פון געווער. אויב דער מענטש איז אומבאַוואָפנט, קען ער צוגיין נאָענט צו זיי, און זיי שרעקן זיך נישט. דידאָזיקע איינגעשאַפט געפינען מיר אַפילו ביי אונדזערע היימישע קראָען, וואָס זענען זיך אָבער עפּעטער טועה און נעמען אָן אַ געווינלעכן שטעקן פאַר אַ ביקס...

די פייגל, וואָס האָבן זיך געדרייט איבערן אינדזעלע, האָבן באַלד איינגעזען, אַז איך בין אַן אומבאַוואָפנטער מענטש און האָבן זיך באַרויקט.

די פייגל האָבן מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּט. איך האָב לאַנג און מיט גרויס הנאה זיך צוגעקוקט צו דעמדאָזיקן לעבעדיקן און שרייענדיקן שניי. און איך קען אייך זאָגן, אַז ווען איך וואָלט מיך באַדאַרפט, אַ שטייגער, צוויילן און באַלד פון אָרט זיך אומקערן צוריק אויפן ברעג, וואָלט איך דאָך געהאַלטן, אַז איך בין פיין און רייך באַלוינט געוואָרן פאַר מיין מי.

ווי איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, זענען די פייגל פון אינדזעלע באַשטאַנען פון עטלעכע מינים. דאָס זענען אָבער אַלץ געווען ים-פייגל, וועלכע מען האָט אייגנטלעך געקענט איינטיילן אין צוויי הויפטגרופּעס: אַזוינע, וואָס האָבן שוואַרצע קעפּ און ווייסע פליגלען און אַזוינע, וואָס זענען אינגאַנצן ווייס.

מאַנכע פון זיי זענען געווען שטאַרק פאַרטאָן אין דער אכילה. מען האָט געפרעסן קרעבסן, געשלונגען פישלעך, ים-ווערעם און בכלל אַלץ, וואָס איז אַרויסגעשליידערט געוואָרן פון די כוואַליעס און וואָס איז נאָר געקומען פאַרן שנאָבל. אַנדערע, ווידער, האָבן גאַנץ געמיטלעך געפּוצט מיטן שנאָבל די פעדערן, ווי זיי וואָלטן זיך מכין געווען צו פליען ערגעץ אויף אַ רייכן פייגל-באַל...

על-פּי-שכל האָבן אַזוינע שניי-ווייסע באַשעפענישן באַדאַרפט לעבן זייער גוט צווישן זיך. ווארום וואָס האָט זיי דאָ געפעלט? מנוחה איך דאָ אַ סך און צום פרעסן איז אויך דאָ לרוב, און קיינער, קיינער קען זיי דאָ נישט שטערן.

אָבער דערדאָזיקער ווייסער עולם, האָב איך איינגעזען, איז דווקא ווייט פון שלום-בית. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומקריגן און אין איין אַרומרייסן, פונקט ווי מען וואָלט זיך נישט געקענט צוטיילן מיט דער ירושה.

מען האָט זיך געשלאָגן, געפליקט און געריסן און צו-טרייסלט די לופט פון ווילדע געוואַלדן און געשרייען.

נאָך אַ געשלעג מיט אַ מוראדיקער פליקעניש פון ווייסע פעדערן האָט מען זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען, און נאָכדעם האָט מען זיך גענומען פוצן און צאַצקען מיט דער ווייסער קליידונג...

פאַרוואָס רייסט מען זיך אַזוי? שווער צו זאָגן. מעגלעך, אַז פאַר אייפערזוכט, מעגלעך – פאַר דער אכילה און, מעגלעך, סתם אַזוי פאַר גרויס ווילטאָג...

מיט אַ באַזונדער תענוג האָב איך מיך צוגעקוקט צו זייער פישפאַנג. זיי האָבן עס געמאַכט זייער געשיקט, טויזנטער מאָל געשיקטער פון מענטשלעכע הענט.

זיך אויפגעהייבן עטלעכע קלאַפטער איבערן וואַסער, פליט מען ש־על אַדורך אַ שטיקל שטח, און קוים דערזעט דאָס אויג אַ שאָטן פון אַ פיש, טוט מען אַ פאַל אַראָפּ, אָן שום גע־רויש, ווי אַ בליץ, אין ים אַריין און מען הייבט זיך באַלד ווידער אויף מיט אַ פאָכן פון פליגלען און מיט אַ בלישטשעדיקן פישל אין שנאָבל.

אַזוי כאַפּט מען פיש.

קיין שום פייגל אין דער וועלט פליט נישט אַזוי שיין און גראַציעז, ווי דער ים־פייגל, און איך ווייס נישט, ווי איר, נאָר איך, קינדער, האָב קיינמאָל נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון זייערע לייכטע לופטיקע פליגלען.

און איך בין מיך מודה: דידאָזיקע פייגל האָב איך אַ גאַנץ לעבן מקנא געווען פאַר זייער פליען. זיי האָב גאָט אַוועק־געשענקט זיין שענסטע מתנה.

אַז איך בין געקומען מיט מיין לאָדקעלע צום סאַמע ברעג פון אינדזל, האָבן די פייגל פאַרלאָזט דעם האַרטן באָדן אונטער די פיס. איך האָב געזען, אַז זיי שרעקן זיך נישט פאַר מיר. האַרט פאַר מיין קאָפּ האָבן זיי זיך געדרייט, ווי אַ שניי, און דאָך האָבן זיי מיר אָפּגעטראָטן זייער רעזידענץ, איבער־

געלאָזט מיר זייער מלוכה אָן אַ ברעקל קאַמף, פונקט ווי זיי וואָלטן מיר זי צוגעוואָרפן ברוגזערהייט: נאַ, נעם, אָבער דו וועסט דאָ קיין נחת נישט האָבן.

איך האָב מיך פלוצלונג דערפילט שטאַרק באַליידיקט און דערשלאָגן. די גאַנצע ווייסקייט איז פון מיר אַוועק. אַלץ אַרום מיר איז מיטאַמאָל שוואַרץ געוואָרן. אנשטאט דער לעבעדיקער באַוועגלעכער ווייסקייט, וואָס האָט פאַרכאַפּט מיט שמחה דאָס אויג, האָב איך איצט געזען קופּעס שטיינער, האַרטע פעלזן, וואָס זענען געווען שוואַרץ, ווי סמאָלע. איך בין געשטאַנען מיט דער לאָדקע פאַר אַ קליינעם שוואַרצן מרה־שחורהדיקן אינדזעלע, וואָס האָט דערמאָנט אין בייזן טויט און פאַרוויסטונג.

דאָס אינדזעלע איז געווען שיין און לעבעדיק נאָר מיט די פייגל. אָן זיי האָט עס אויסגעזען אַ בית־עולם פון בית־עולמס.

די זון האָט זיך פלוצלונג באַהאַלטן הינטער אַ גרויער כמאַרע. דאָס וואַסער אין ים איז טונקל געוואָרן. די כוואַליעס האָבן זיך בייז אויפגעהייבן. די שוואַרצע פעלזן האָבן אויסגעזען, ווי שוואַרצע מצבות אויף שוואַרצע קברים.

איך בין אָבער פון מוט נישט געפאַלן. יאָ, דאָס וואַסער ענדערט זיך, אָבער אַ מוטיק האַרץ שרעקט זיך נישט פאַר אַזוינע ענדערונגען.

קודם האָב איך צוגעפירט דאָס לאָדקעלע מיינס צו אַ ווינקל פונם ברעג, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ קלייניטשקן האַפן. דאָס וואַסער איז דאָ געווען נישט טיף, און די ווענט פונם אינדזעלע האָבן געקענט פאַרהיטן פון ווינטן און שטורעמס.

אַוועקגעשטעלט די לאָדקע, בין איך אַרויסגעשפּרונגען אויפן ברעג און האָב מיך געלאָזט גיין צום הויכן דראַנג, וואָס

האָט פריער אַזוי געצויגן מיין אויג פון היימישן ברעג. דאָס הארץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט. אַ ציטער האָב איך געפילט אין די קני.

איך האָב דערגרייכט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט!

## איך זוך אַ ים-איגל.

איצט האָב איך רויִק און לאַנג געקענט באַטראַכטן און באַטאַפּן דעם הויכן דראַנג, אויסמעסטן אים מיטן אויג, אַרייַנקוקן אין זייַן פונדאַמענט.

און איך בין מיך מודה: איך בין געווען אַנטציקט. דער ווייסער שטח פון היימישן ברעג האָט אים אַזוי אָן רחמנות פאַרקלענערט און פאַרענדערט. עס זענען געווען צוויי דראַנגען: איינער אויפן ברעג — אַ קלייניטשקער, דער צווייטער, דער אמתער — אַ ריז...

פון ברעג האָט ער אויסגעזען, ווי אַ שטעקן, ווי אַ קליינער געווינלעכער שטעקן, וואָס מענטשן טראָגן אין גאַס, און די קויל אויף זייַן שפּיץ האָט אויסגעזען נישט גרעסער פון אַ ברוקווע.

דאָ אָבער האָב איך געזען די ווירקלעכקייט, דאָס הייסט, די ריכטיקע מאָס און די אמתע גרויס.

די קויל איז גאָר נישט געווען קיין קויל, ווי עס האָט זיך פון ווייטן געדאַכט, נאָר אַ ריזיקע פאַס, און דער דראַנג האָט

זי אַדורכגעלעכערט פון אונטן ביז אַרויף. אַזויאַרום האָט זי זיך געהאַלטן אויף אים.

אויך דאָס אינדזעלע איז גאָרניִשט געווען אַזוי קליין, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן פון ווייטן.

אונטער מיינע פיס איז געלעגן אַ היבשע אינדזל, אַ גאַנץ ברייטער שטח פאַרלייגט און פאַרשליידערט מיט קליינע און גרויסע שטיינער. אומעטום — שטיינער און שטיינער, באַדעקט מיט דער טונקעלער קלעפּיקער מאַסע פון ים־גראָזן.

גוט באַקוקט און באַטאַפּט דעם דראָנג, האָב איך מיך געוואָלט בעסער באַקענען מיטן אינדזעלע. האָב איך מיך דאָך איינגעשטעלט און געמאַכט אַ געפערלעכע נסיעה (פאַר מיר, נאַטירלעך), טאָ לאָמיר כאָטש עפּעס מיטנעמען אין זכרון פון דערדאָזיקער נסיעה.

דאָס איז אָבער געווען ניִשט פון די לייכטע זאַכן, ווי עס קען זיך אייך דאַכטן. קיין וועג איז אויפן אינדזעלע ניִשט געווען, און מען האָט באַדאַרפט קלעטערן איבער שפּיציקע גליטשיקע שטיינער, פון וועלכע מען האָט אַ ליאַדע מינוט געקענט ברעכן האַלדז און נאַקן.

אַ פּאָר מאָל בין איך טאַקע אַראָפּגעפאַלן פון אַ הויכן שטיין, וואָס איז געווען אַזוי פייכט־גליטשיק, פּונקט ווי עמעצער וואָלט אים פריער אָנגעזייפט.

ביי אַ האַלבע שעה צייט האָב איך מיך געראַנגלט מיט די שטיינער, אָבער זיי זענען, קענטיק, געווען שטאַרקער פאַר מיר: זיי זענען געשטאַנען שטאָלץ און פעסט, זיך ניִשט גערירט פון אָרט, ניִשט אַדורכגעלאָזט מיין יונג פיסל פאָרויס, און איך בין אַלץ אַראָפּגעפאַלן פון זיי, אָן אומבאַהאָלפענער...

אַזאַ בחינמדיקער געראַנגל האָט מיר גאָרנישט געקענט געבן, און, אַ ברוגזער, בין איך אַוועק צו יענעם אָרט, ווו עס איז געשטאַנען מיין לאָדקע.

אין קאָפּ איז דורכגעלאָפן אַ מחשבה: „זעץ דיך אַריין אין לאָדקע און פאָר אַהיים...“

אָבער אין דער אייגענער רגע איז מיין אויג געפאַלן אויפן ברעג, ווו עס זענען געלעגן אַזוינע שיינע פּערלדיקע מושלען, אַז איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער.

די פּראַקטישע מחשבה אין קאָפּ איז תיכף אויסגעלאָשן געוואָרן.

איך האָב שוין אין מיין לעבן געזען פאַרשידענע מוש־לען — איך בין דאָך עפּעס געבוירן געוואָרן ביים ים. אָבער אַזוינע עקזעמפּלאַרן, ווי די, וואָס זענען געלעגן אויפן ברעג, האָב איך געזען צום ערשטן מאָל.

זיי האָבן מיר געשפּילט אין אויג, ווי גאָלד, ווי בריל־ליאַנטן, ווי פּערל...

אַ צייט לאַנג האָב איך מיך געצאַצקעט מיט זיי, אָנגע־שטאָפּט מיט זיי די קעשענעס, ביז ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך מוז מיר דאָ אָפּגעפונען די מושלען פון אַ ים־איגל.

אונדזערע דאָרפסלייט שאַצן זייער הויך דידאָזיקע מושלען און מען צאָלט פאַר זיי גוטע פּרייזן.

מיט זיי פּוצט מען שפּיגלען, קאַמינעס, געשניצטע קעס־טעלעך און שאַפעס.

מען געפינט זיי אָבער זייער זעלטן. עס איז אַ כּלל: דאָס, וואָס איז שיין, ליגט נישט אָפן פאַר די אויגן.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך וועל דאָ זיכער פּאַקן דידאָזיקע זעלטענע מושלען. ווארים ווער קומט דאָ אַהער און ווער זוכט זיי דאָ אין אַזאַ טויטן אָרט?

איך האָב ווידער גענומען קלעטערן אויף די פעלזן, ביים ברעג, מיט דער גרעסטער פאַרביסנקייט, מיט איין אָטעם און אויכגעשפּרייטע אויגן איבער אַלע לעכער און שפּאַלטן.

איך האָב געקלעטערט אויף אַלע פיר, מיט אַ זייט, מיטן קאָפּ אַראָפּ, און שטעלט אייך פאָר: איך האָב געפונען דאָס, וואָס איך האָב געזוכט!...

די וועלט זאָגט אַ וואָרט: אַז מען זוכט, געפינט מען, און דאָס איז דער גרעסטער אמת פון אַלע אמתן.

איך האָב געפונען די מושלען פון אַ ים-איגל!

איך מוז אייך זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער עקזעמפּלאַר, וואָס מען זעט אים זעלטן. ער איז געווען קיילעכיק, טונקלרויט און ענלעך צו אַ פּאָמעראַנץ...

איך בין געווען אַזוי גליקלעך, אַז טרערן האָבן מיר אַרויסגעשלאָגן פון די אויגן. פאַרגעסן האָב איך אין אַלץ און אַלעם, און געשטאַנען בין איך אויף אַ פעלז פון ברעג און פאַרטיפט מיינע פריידיק-טרערנדיקע אויגן אינם איגעלע, אין זיינע געדרייטעאון געבויגטע ליניעס מיטן פאַנצירל.

נאָכדעם האָב איך דאָס איגעלע אויף דער גיך אַריינגעפּאַקט אין קעשענע, אַז קיינער זאָל אים קיין עין-הרע נישט געבן, און בשעת מעשה האָב איך געטראַכט, אַז איך האָב שוין אַ שיינע און אַ שטאַרקע ערינערונג אויפן גאַנצן לעבן פון מיין דאָזיקער נסיעה.

צוריקקומענדיק צו דער לאָדקע האָב איך געפונען נאָך אַנדערע אומבאַקאַנטע און זייער שיינע מושלען, וואָס האָבן מיר שטאַרק געבלישטשעט אין אויג און געבעטן זיך, איך זאָל זיי אויפהייבן.

איך האָב אָנגעשפּאַרט מיינע גרויסע קעשענעס, ווי ווייט עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אָנגעכאַפּט זיי אין די הענט, אין אַרבל, און האָב געמאַכט פּליטה־טריט צו מיין לאָדקע.

אַלץ, וואָס דאָס מערקווירדיקע אינדזעלע האָט מיר גע־קענט געבן, האָט עס מיר מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן. איצט דאַרף מען פליען אַהיים, ווי אויף פליגלען.

אָבער אַז איך בין געקומען צום ברעג, צו דעם אָרט, ווו די לאָדקע האָט זיך פריער שטיל געוויגט אויפן וואַסער, בין איך געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווערטער, מיט אַן אָפּגעהלשטן האַרץ.

די מושלען זענען מיר נאָריש אַרויסגעפאַלן פון די הענט און פון אַרבל...

## פארלאָרן די לאָדקע.

װאָס איז געשען? איך האָב נישט געפונען די לאָדקע...

דאָס אָרט, װו איך האָב זי איבערגעלאָזט, איז געװען ליידיק. דאָס װאסער האָט קאַלט און בייז געפּאַטשט דעם שטיין פון ברעג.

אַ טויט-איבערגעשראָקענער, האָב איך אויסגעשפּרייט מיינע אויגן אויפן ים. װייס, װייט פון ברעג האָב איך דערזען אַ שװאַרץ פּינטעלע פון דער לאָדקע, װי עס װיגט זיך פּאַ-װאָליע אויף די כװאַליעס.

די כװאַליעס האָבן זי אַװעקגעשלעפּט.

מיין לאַגע איז געװען אַ קריטישע, און איך בין גע-שטאַנען אַ פאַרצװייפלטער, מיט אַ קאַלטן שװייס אויפן שטערן.

איך האָב געװוסט, אַז אָן דער לאָדקע בין איך אַ פאַר-פאַלענער, אַן אָפּגעשניטענער, אַ פאַרמשפּטער...

קיינער האָט מיר נישט געקענט קומען צוהילף. קיינער האָט נישט געקענט װיסן, װאָס מיט מיר איז געשען.

דער ברעג איז געווען ווייט, און מען האָט דאָרט קיין שום פּרטים נישט געקענט זען אויפן בית־עולם־אינדזעלע.

קיינער האָט פון דאָרט נישט געקענט באַמערקן מיין אָרעם, פאַרצווייפלט פיגורל און מיינע אויסגעשטרעקטע הענט צום ים.

פאַר זיי, פאַר די ברעג־לייט בין איך אינגאַנצן צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן מיטן אינדזעלע.

וואָס האָב איך געזאָלט טאָן און ווי האָב איך מיר געקענט העלפן?

די רעיונות האָבן זיך מיר געדרייט אין קאָפּ, ווי די פליגלען פון אַ ווינטמיל, אָבער איך האָב מיר נישט געקענט צוטראַכטן עפּעס אַן עצה.

אָך, ווען איך וואָלט מיך געקענט אַריינוואַרפן אין ים אַריין און צושווימען צו דער לאָדקע! דאָס איז אָבער נישט געווען פאַר מיינע כוחות.

איך האָב אָבער קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. אויב מען וויל זיך ראַטעווען, קוקט מען דאָך נישט אויף די אייגענע כוחות, מען מעסט זיי דאָך נישט דעמאָלט...

אין איין אויגנבליק, ווי אַ בליץ האָב איך אַראָפּגעשליידערט פון זיך די זאַכן און האָב מיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין און גענומען שווימען צו דער לאָדקע.

אָבער וואָס ווייטער איך בין געשווומען, אַלץ מער און מער האָב איך איינגעזען, אַז דער שטח צווישן מיר און דער לאָדקע, נאָך וועלכער איך יאָג מיך אַזוי, ווערט נישט פאַרקלענערט.

עס איז געווען קלאָר, אַז איך קען מיך נישט פאַרגלייכן מיט איר אין שנעלקייט און אַז מיין גאַנצע אָנשטרענגונג איז אַזוי גוט ווי אומזיסט.

דעמאָלט האָב איך ווידעראַמאָל דערשפּירט, ווי עס בלייבט מיר פייגלעך שטיין דאָס האַרץ פון פּחד.

וואָס טוט מען ווידער?

איך ווייס נישט: אָדער שווימען צוריק צום אינדזל, אָדער... אָדער דערטרונקען ווערן. קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ.

•

שווימען, ווידער, פּאַוואָליע צום היימישן ברעג איז אַזאַ ווילדע נאַרישקייט פאַר מיר, ווי איך זאָל מיך, אַ שטייגער, אונטערנעמען איבערצושווימען דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן.

איך האָב מיך, אַלזאָ, געמוזט צוריק אומקערן צום ברעג מיט ליידיקע הענט. אָבער אין דעם אייגענעם מאָמענט האָב איך באַמערקט, ווי די לאָדקע גייט אויך צוריק. די כוואַליעס האָבן זי נעטריבן צום ברעג.

דער ווינט האָט געענדערט זיין ריכטונג.

עפּעס אַ זיסע וואַרעמקייט האָט מיר אָנגעפילט דאָס האַרץ און די בלוטן, דער פּחד איז אַנטרונען געוואָרן און מיט אַ פאַרביסענער ענערגיע האָב איך פונדאָסניי גענומען שווימען צו דער לאָדקע.

איצט האָב איך שוין דייטלעך געזען, ווי דער שטח צווישן מיר און איר ווערט אַלץ קלענער. מיר זענען ביידע נעגאַנגען קעגן אייגאַנדער און פון מינוט צו מינוט זיך דערנענט.

און אָט איז עס געשען: איך האָב מיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט פאַר איר ווענטל!

די לאָדקע איז אין מיינע הענט.

איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם און בין אַ ווײַלע געבליבן שטיין אין וואַסער, ביי דער לאָדקע, אָן באַוועגונג.

איך האָב מיך געמוזט אַ ביסל אויסרוען.

איצט האָב איך גענומען אַרײַנקריכן אין לאָדקע. דאָס איז אָבער נישט געווען אַזוי לײַכט.

נישט געקוקט דעראויף, וואָס איך בין געווען נאָך אַ קינד, האָב איך דאָך געהאַט אַ היבשע וואָג, און דעריבער, אַז איך האָב פאַרוואָרפן אַ פוס אויפן ראַנד פון ווענטל, האָט זיך די לאָדקע תיכּף ומיד איבערגעקערט און האָט מיך אַ שטויס געטאָן טיף אין וואַסער.

איך בין בשלום אַרויסגעשווומען פון אונטער איר און האָב מיך געפּרוּווט אַנידערזעצן אויף איר, ווי אויף אַ פערד, דאָס הייסט רײַטנדיק, אָבער אויך דאָס איז מיר נישט געלונגען.

ווען איך בין שוין געזעסן אויף איר, האָב איך מיטאַמאָל פאַרלאָרן דאָס גלײַכגעוויכט, נישט ווילנדיק אַ קער געטאָן זי צו האַסטיק אין אַ זײַט, און זי האָט זיך ווידעראַמאָל איבער־געקערט, אָבער שוין מיט די ברעגן אַרויף און מיטן דנאָ אַראָפּ.

איצט איז שוין אַפילו געווען גאָרנישט שלעכט, איך האָב מיך געקענט אַרײַנזעצן אין לאָדקע און רויק צושווימען מיט איר צום ברעג נאָך מײַנע זאַכן, אָבער דאָ האָט זיך דאָס אומ־גליק ערשט אָנגעהייבן...

די לאָדקע איז געווען איבערגעפילט מיט וואַסער, און זי האָט זיך נישט געקענט האַלטן אויפן ים.

איך האָב געזען, ווי זי לאָזט זיך אַראָפּ, ווי דער ים פאַרשלינגט זי.

דער אַלטער טעלער, מיט וועלכן מען האָט געקענט אויס־שעפּן דאָס וואַסער, איז שוין לאַנג געלעגן אויפן גרונט פון ים און די רודערס זענען צולאָפן נאָך דעמאָלט, ווען די לאָדקע האָט זיך צום ערשטן מאָל איבערגעקערט.

וואָס האָב איך ווײַטער געקענט טאָן?

איצט האָב איך געהאַט איין־איינציקע ברירה: שווימען צוריק צום ברעג, אויב איך וויל נישט דערטרונקען ווערן.

אַ קאַלטער, אַ מידער און אַן אָפּגעשוואַכטער, מיט קלאַפּנדיקע ציין, מיט פאַרגליווערטע הענט און פיס האָב איך מיך געלאָזט אין וואַסער צוריק צום ברעג.

אַ טיפער שוידער נעמט מיך דורך אויך איצט, אויף דער עלטער, ווען מיין זכרון ברענגט מיר פאַר די אויגן יענס בילד, דאָס בילד פונם יינגל, וואָס ראַנגלט זיך, אַ פאַרגליווערטער, מיט די ים־כוואַליעס...

## אויף שטיינער.

עס האָט מיר געשטערט צו שווימען דער ווינט און דער שטראָם, וואָס האָט אַוועקגעטראָגן מיין לאָדקע. איך האָב אָבער פאַרגעסן די ציין און מיט די לעצטע כוחות זיך גע־ראַנגלט פאַר מיין קליין יונג לעבן.

די לעצטע אָנשטרענגונג האָט מיר דאָך געהאָלפן.

איך האָב דערגרייכט דעם ברעג.

באַלד ווי איך האָב אַרויפגעשטעלט מיין פוס אויפן ברעג, האָב איך מיך אויסגעדרייט מיטן פנים צום ים: איך האָב ווידעראַמאָל געזוכט מיין לאָדקע. אפשר וויגט זי זיך דאָך ערגעץ אויף די כוואַליעס.

איך האָב זי אָבער נישט געזען. דער ים האָט געהייבן זיינע כוואַליעס, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויך געהייבן מיינע רודערס, ווייט איינער פון צווייטן, פונקט ווי צוזייטע קינדער פון איין מאַמען, אָבער זיי זענען מיר איצט שוין נישט נייטיק געווען.

עס איז טונקעלער געוואָרן. דער טאָג האָט זיך ביסלעכ־ווייז אַוועקגערוקט.

איך האָב מיך אויף גיך אָנגעטאָן און גענומען קוקן מיט פאַרבענקטע אויגן צום היימישן ברעג. טיילמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אין דער ווייטער גראָקייט זע איך נאָך די הייזלעך, וואָס שטייען אויפן ברעג, און דאָס האָט נאָכמער צעריסן דאָס אויסגעפייניקטע האַרץ מיינס.

איך האָב נישט גערופן נאָך הילף — קיינער וואָלט מיך סײַ־ווי נישט דערהערט. איך בין געשטאַנען און געקוקט און געשוויגן, ווי די שוואַרצע שטיינער אויפן אינדזל.

אין מיין צומישטן מוח איז דאָך געוואָרן אַ שטיקל אָרדנונג, און איך האָב מיך דערמאַנט, אַז היינט איז זונטיק, אַז אין האַפן איז היינט נישטאָ קיין לאָדקעס, קיין שיפן, און קיינער כאַפּט היינט נישט קיין פיש.

העני־י בלוי זיצט אַוודאי מיט זיינע חברים ערגעץ אין אַ שענקל און דער עולם דערציילט מעשיות וועגן ים און גרויסע ים־שטורעמס.

קיין איין זעגל זעט מען נישט אויפן האָריזאָנט.

די מענטשלעכע בעוועגונג אויפן ים איז היינט אָפּגעשטאָרבן.

און איך האָב געפילט, אַז איך בין איינזאַם און אַליין, ווי אַ שטיין, ווי אַ יתום, וואָס האָט נישט בלויז פאַרלאָרן טאַטע־מאַמע, נאָר אויך די גאַנצע מענטשהייט.

און די דאָזיקע איינזאַמקייט האָט מיר מיטאַמאָל אַ כאַפּ און אַ ווערג געטאָן בײַם האַלדז, ביי דער ברוסט, ביים צע־מישטן קאָפּ. און, קינדער, איך בין אַנידערגעפאַלן און האָב מיך צעיאָמערט הויך אויפן קול...

די ים־פייגל האָבן דערזען, אַז מען קען גאָרנישט פּטור ווערן פון מיר און אַז איך קען נאָך, חלילה, אויפעסן דאָס,

וואָס זיי האָבן באַהאַלטן אין די שפּאַלטן פון די פעלזן, האָבן זיי זיך געגומען טשאַטעסוויז דרייען איבער מיין קאָפּ און שרייען מיט ווילדע מאָוימדיקע קולות, אַז דאָס גאַנצע אינ־זעלע האָט אויפגעציטערט.

אויב דאָס איז געווען וויניק פאַר זיי, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך נידעריקער און, פליענדיק, פאַרטשעפּעט מיט די פליגלען מיין באַק אָדער מיין אַקסל.

איך האָב מיך אָנגעהייבן שרעקן פאַר דידאָזיקע ווילדע פייגל. מיר איז איינגעפאַלן, אַז זיי קענען מיר שלעכטס טאָן, אָבער אַ געזונטער געדאַנק האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך באַדאַרף מיך נישט שרעקן פאַר זיי. אמת, איך בין נאָך גאַר אַ קינד, דאָך אָבער בין איך גענוג גרויס קעגן זיי, און אויב עס זאָל קומען צו אַ געראַנגל, ליגט דער נצחון אין מיינע קליינע הענטלעך און נישט אין זייערע טשאַטעס.

אַז איך האָב מיך עטוואָס באַרויִקט האָב איך לאַנג גע־טראַכט, וואָס איך זאָל טאָן: צי זאָל איך זיצן (פּשוט זיך אַנידערזעצן און „וואָס עס זאָל זיין, זאָל זיין!“) אָדער שטיין און וואַרטן אויף הילף.

אָבער ווען און פונוואַנען קען קומען די הילף?

עס האָט זיך פּשוט נישט געקענט גלויבן, אַז עמעץ זאָל כאַפּן אַ קוק אין מיין זייט, אַז עמעצן זאָל איינפאַלן, אַז דאָרט, אויפן אויסטערלישן אינדזעלע געפינט זיך אַ מענטש.

הענרי בלו און נאָך אַ פישער פון דאָרף האָבן אפילו געהאַט גוטע פעלד־בינאָקלען, אָבער זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט באַנוצט מיט זיי. מען האָט זיי נישט געברויכט. חוצדעם, איז קיינמאָל קיין שיף נישט געגאַנגען איבער דעם שטיק וואַסער, וואָס איז געלעגן צווישן ברעג און דעם אינדזל.

די שיפן האָבן תמיד אויסגעמידן דאָסדאָזיקע אָרט, וואָס האָט געהאַט זייער אַ שלעכטן שם צוליב זײַנע אונטערוואַסער־שטיינער און זאַמד־בערגלעך.

אַזוי־אַרום האָב איך געהאַט זייער ווייניק שאַנסן, אַז עמעץ זאָל מיך באַמערקן פון ברעג אָדער פון אַ פאַרבײַגייענדיקער שיף. אָפּגעעניטן בין איך פון אַלץ און אַלעם.

סוף־כּל־סוף האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ מענטש, וואָס האָט לגמרי פאַרלאָרן די האָפענונג.

אין מײַנע יאָרן איז אָבער געווען כּמעט אַן אוממעגלעכע זאַך צו פאַרלירן אינגאַנצן די האָפענונג. אַ יונגער קאָפּ מיט אַ יונג האַרץ קענען אָפּשטאַרבן, אָבער כּהרף עין לעבן זיי אויף צוריק דורכן מעכטיקן שטויס פון די לעבנסאינסטינקטן.

און מיט מיר איז אויך אַזוי געווען. איך האָב געטראַכט, אַז איך בין אַ פאַרלאָרענער, אינגאַנצן אַ פאַרלאָרענער, אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מיר עפּעס אויפגעלייכט אין די רעיונות, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז באַלד וועט העניִ קומען מיט הילף. ער וועט דאָך מוזן באַמערקן, אַז איך האָב מיך נישט אומגעקערט מיט דער לאָדקע צוריק!

פריער וועט ער מסתּמא גיין צו מײַן פעטער געוואָר ווערן וועגן מיר, און אַז ער וועט מיך דאָרט נישט געפינען, וועט ער אַוודאי פאַרשטיין, אַז מען דאַרף מיך זוכן אויפן אינדזעלע.

דערדאָזיקער געדאַנק האָט מיר אויסגעוויזן זייער לאָגיש. דער פּחד איז מיר באַלד אָפּגעטראָטן פון האַרץ, און מיר האָט זיך ווידער געוואָלט פרייען מיט מײַנע יונגע כּוחות.

די דערטרונקענע לאָדקע האָט אָבער אַ ביסל צושטערט מײַן שמחה. ווי אַזוי וואָלט איך געקענט קוקן העניִן גלײַך

אין די אויגן? וואָס וואָלט איך אים געקענט זאָגן? ווי וואָלט איך מיך געקענט פאַרענטפערן?

העגרי האָט געהאַט צוליב מיר גרויס שאָדן, און איך האָב מיר אַלץ געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צו פאַרגיטיקן אים דעמדאָזיקן שאָדן. ווען מיין פעטער וואָלט געווען אַ רעכטער מענטש, מיט וועלכן מען קען זיך מענטשלעך דורכריידן, וואָלט איך אים געבעטן, ער זאָל מיך אָפּלאָזן צו העגרין...

איך וואָלט געאַרבעט פאַר העגרין אָן שום געצאָלט, ווי אַן אייזל געאַרבעט, און אַזויאַרום וואָלט איך אים אומגעקערט דעם שאָדן.

אַזוי האָב איך געטראַכט, אַן איינזאַמער, אויף די שוואַרצע שטיינער פון אינדזעלע.

שפעטער האָב איך גענומען באַרעכענען און באַחשבונען, וויפל עס קאָסט אַזאַ לאָדקעלע און וויפל צייט, אַ שטייגער, באַדאַרף מען אָפּאַרבעטן, כדי צו דעקן דעם לאָדקע-חוב?

ביי דידאָזיקע חשבונות האָב איך דערווייל אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך געפין מיך אין גרויס געפאַר.

איך האָב אַפילו געוווסט, אַז איך וועל דאָ האָבן צו ליידן הונגער און קעלט און נאַסקייט, ווארים אין אַ באַשטימטער שעה הייבט זיך אויף דער ים אַזוי הויך, אַז ער פאַרגיסט און פאַרטרינקט דאָס גאַנצע אינדזעלע. איך האָב אָבער נישט געוווסט, ווי הויך שטייט דעמאָלט דאָס וואַסער אויפן אינדזעלע און ווי אַזויאַרום קען מען זיך ראַטעווען פון דער פאַרפלייצונג.

איך האָב מיך אויפגעהייבן און גענומען זוכן אויף די שטיינער סימנים, וואָס זאָלן מיר קענען אָנווייזן, ווי הויך בלייבט דאָ שטיין דאָס וואַסער.

די שטיינער האָבן מיר אָבער גאָרנישט געזאָגט און קיין וואַסער-סימנים האָב איך נישט געפונען אויף זיי.

שפּעטער זענען מײַנע אויגן געפֿאַלן אויפֿן דראַנג, און ס'איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז אפֿשר וועט ער מיר קענען געבן אַ קלאָרע תּשובֿה אויף מײַן אָנגעווייטיקטער פֿראַגע.

פּאַוואָליע האָב איך אַוועקגעקלעטערט צום דראַנג, און איך האָב מיך ניש גענאַרט: דער דראַנג האָט מיר באמת געגעבן אַ תּשובֿה. געננוי און דײַטלעך האָט מען געקענט זען אויף אים די ליניע, בײַ וועלכער עס בלײַבט שטיין דער אויפֿגעהויבענער ים.

אָבער גאָט אין הימל! די דאָזיקע ליניע איז מיט אַ גאַנצן קלאַפּטער העכער פֿון דעם פֿעלזיקן ברעג! און זי האָט זיך אַזוי הויך געהייבן איבער מײַן קאָפּ... איבער מײַן לעבן...

אַ קאַלטער ציטער איז אַדורכגעלאָפֿן איבער מײַן לײַב. איך האָב דערזען די סכּנה מיט טויזנט אויגן, ניש ווי אַ קינד, נאָר ווי אַן אַלטער דערפֿאַרענער קאַפּיטאַן.

איצט איז פֿאַר מיר געוואָרן קלאָר: דער ים, וואָס האָט פֿײַנט צו שפּאַסן, וועט מיך אײַנשלינגען פֿריער, איידער העניי וועט קומען מיט הילף...

דער ים קומט שנעלער, ווי ער!

# לעבן דראָנג.

און ווידעראַמאָל האָב איך פאַרלאָרן די האָפענונג: איך הער, ווי דער טויט גייט. און אַז עס גייט דער טויט, איז נישטאָ קיין האָפענונג.

פאַרנאַכט האָבן זיך אויף די כוואַליעס, וואָס ווען פאַר־טרינקען די אינדזל צוזאַמען מיט מיר. און פאַרנאַכט וועט מען זיך ערשט כאַפן אויפן ברעג, אַז איך בין נישט געקומען צוריק מיט דער לאָדקע.

ווער וועט מיר קענען העלפן? ווער וועט קענען איבער־יאָגן דעם ים?

אַ צומישטער, האָב איך מיך ווידער אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער סכנה.

איצט איז מיר קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. פאַר אַלץ האָב איך געהאַט אַ קאַלט טויט האַרץ, אָבער פאַרן ים האָב איך נאָך געלעבט. מיינע אויגן זענען געוועזן איינגעגראָבן אין די כוואַליעס. איך האָב געהיט, אַ נערוועזער, זייער וווקס. איך האָב געציילט די מינוטן און געמאַכט סימנים, צי דאָס וואסער שטייגט, צי נישט.

אַרום און אַרום איז געווען טויט און שטיל, כאָטש דער ים האָט זיך געבייזערט, און עס האָט געשמעקט מיט קבר, מיטן סוף פון אַ יונג לעבן...

ביי דער שוואַרצער פאַרצווייפלונג האָב איך דאָך נישט געקענט פאַרבלייבן. עפעס האָט געוועקט אין מיר, געמאָנט, נישט געלאָזט מיך רוען, זיצן אויף איין אָרט, נאָר געטריבן, געהייבן, געשלעפּט, געהייסן זיך ראַטעווען.

דאָס האָט מיין יונג לעבן אַריינגעשריען מיר אין האַרץ אַריין:

„ראַטעווע דיך! געפין עפּעס אַ מיטל! האָסט דאָך פאַרט אַ קאָפּ, אויגן!"

איך האָב ווידעראַמאָל געקוקט אויפן דראָנג, געקוקט מיט ווילדע אויגן פון אַ משוגענעם, אָבער אין דערדאָזיקער פּחד־משוגעת איז מיר פלוצלונג איינגעפאַלן: סטייטש, דער דראָנג קען דאָך מיך ראַטעווען!

בשעת דאָס וואַסער וועט נעמען שטייגן, וועל איך מיך אַרויפציען אויפן דראָנג און פון דראָנג — אויפן פעסל!

וואָס האָב איך מורא פאַרן וואַסער דעמאָלט? וואָס קען דער בייזער ים טאָן דעם יינגל, וואָס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אינדערהויך אויפן פעסל?

איך האָב אויף אַ האָר נישט געצווייפלט דערין, אַז איך וועל מיך קענען דערקריגן צום פעסל. העכט האָב איך געהאַט שטאַרקע, און ביי אונדז אין דאָרף איז נישט געווען נאָך איינער, וואָס זאָל קענען אַזוי געשיקט קלעטערן אויף ביימער, ווי איך.

אמת, פאַרברענגען אַ קאַלטע שווערע נאַכט אויפן פעסל איז נישט פון די אנגענעמע זאַכן, אָבער בשעת עס האַנדלט זיך וועגן לעבן און טויט, איז עס דאָך פּשוט אַ קלייניקייט,

אַ נאַריעקייט, אַ שפּילכל. און מאָרגן... יאָ, מאָרגן וועט דאָך העגרי זיכער קומען!

איצט האָט זיך מיר געוואָלט מאַכן אַ שטיקל פּראָבע, צי איך וועל מיך טאַקע קענען אַרויפציען אויפן דראָנג. אפשר בין איך אינדערהיים געווען אַ גבור און דווקא דאָ טויג איך מיך שוין נישט צו אַזוינע זאַכן?

די ספקות האָבן מיך ווײַלעווייז געפרעסן, ווי ווערעם...

אָנגעהייבן האָב איך די פּראָבע אַפילו גאַנץ פלינק און מיט גרויס ענערגיע, אָבער גאָר לײַכט איז עס דאָך נישט צו־געגאַנגען. אונטן איז דער דראָנג געווען באַדעקט מיט שליים בײַ אַ צוויי מעטער.

און דער שליים האָט מיך בשום אופן נישט געוואָלט האַלטן אויף זיך.

אָבער אַריבערגעקומען דעם שליים מיט שווייס און גרויס מי, איז שוין ווײַטער געווען לײַכטער, און אָט האָב איך מיך דערקראָגן צום פעסל.

אַ שווערע שוואַרצע מאַסע איז מיר מיטאַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון האַרץ, אָבער מיר איז שוין אַזוי באַשערט געווען, אַז מײַן שמחה זאָל יעדעס מאָל באַלד אויסגעלאָשן ווערן.

און אויסגעלאָשן האָט זיך מײַן שמחה דערפאַר, וואָס מײַן האַנט איז געווען אַ קורצע, אַ קינדערשע, און זי האָט בשום אופן נישט געקענט דערלאַנגען צום אויבערשטן ברעג פונם פעסל.

מײַן האַנט האָט געקענט דערגרייכן בלויז אַ העלפט פונם פעסל, ווי עס האָט זיך נישט געפונען קיין שום אָנהאַלט, קיין שום שטיצפּונקט פאַר מיר.

אין אַזאַ לאַגע האָב איך נישט געקענט לאַנג פאַרבלייבן, די פּוחות זענען מיר אָפּגעפאַלן, און ווילנדיק, נישט־ווילנדיק, האָב איך מיך געמוזט אַראָפּגליטשן פון דראָנג.

די ווייטערדיקע פראָבעס האָבן זיך אויך אַזוי געענדיקט, ווי די ערשטע. איך האָב אויסגעצויגן די האַנט, ווי ווייט איך האָב געקענט, איך האָב מיך אָנגעשטרענגט ביז אויגן־בלינדקייט, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן: דעם אויבערשטן ברעג פון פעסל האָב איך נישט געקענט דערגרייכן.

איך האָב אָבער דאָך נישט פאַרלאָרן דעם מוט. די נאָענטע סכנה האָט מיר געררייצט די נערוון און געוועקט די ענערגיע. איך האָב געמוזט עפּעס טאָן פאַר מיין רעטונג.

ווען איך וואָלט געהאַט אַ מעסער, וואָלט איך געקענט דורכשטעכן עטלעכע לעכער אין פאַס, וואָס וואָלטן מיר געקענט דינען פאַר אַן אָנהאַלט. די האַנט האָלט דעמאָלט געהאַט אַ שטיצפּונקט און איך וואָלט נישט באַדאַרפט העגגען אינדערלופטן. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין מעסער — איך האָב גאָרנישט געהאַט.

אין מיין רשות האָט זיך געפונען בלויז איין אינסטרומענט — מיינע געזונטע ציין... אָבער וואָס קענען מיר העלפן די ציין?

דער מוח האָט מיר דערווייל געבערענט, די אויגן האָבן ווילד געזוכט, די סכנה האָט געטריבן די ענערגיע, נישט גע־לאָזט זי איינשלעפערן.

און אָט איז מיר ווידער איינגעפאַלן: שטיינער זענען דאָך דאָ אָן אַ שיעור — פאַרוואָס זאָל איך נישט אויפלייגן אַזאַ קופּע שטיינער, וואָס זאָל אַריבערשטייגן די וואַסערליניע פון דראָנג און אפשר אויך דעם גאַנצן דראָנג?

איך קען דאָך פשוט אויפשטעלן אַ טורעם פון שטיינער און אַזוי־אַרום זיך ראַטעווען פון די בייזע כוואַליעס?

און ווידער ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן און ווידער פאַרלויפט מיר דאָס האַרץ מיט שמחה.

און איך האָב מיך גענומען פאַר די שטיינער...

אָבער אָפּגעאַרבעט אַ שטיק צײַט מיט גרויס האַסט און ענערגיע, האָב איך אײַנגעזען, אַז אויך דאָ, בײַ דער דאָזיקער אונטערנעמונג, וועל איך דורכפֿאַלן. ערשטנס, זענען די שטײנער געווען שטאַרק פֿאַרפּרעסט צווישן אײנאַנדער; צווײטנס, זענען זײ געווען זײער שווער, כּמעט נישט פֿאַר מײַנע כּוחות; דריטנס, זענען זײ געווען באַדעקט מיט גליטשיקן שלײם און זענען געפֿלויגן פֿון די הענט, און, פֿערטנס — און דאָס איז אפֿשר דער עיקר — האָב איך געהאַט צו ווײניק צײַט פֿאַר מײַן אונטערנעמונג.

דער ים האָט שנעלער געאַרבעט, ווי איך, הגם ער האָט זיך אויפֿגעהײבן לאַנגזאַם, פּאַוואָליע און פּינקטלעך, ווי אַ זײגער. איך האָב געזען, ווי די כוואַליעס דערנענטערן זיך, פֿליוכען זיך אויס אויף די שטײנער און גרײכן אַלץ העכער און העכער. און בלײַבן שטײן וועלן זײ ערשט דעמאָלט, ווען זײ וועלן דערגרײכן די ליניע פֿון דראַנג, וואָס איז הויך איבער מײַן קאָפּ.

און איך האָב דאָך געאַרבעט מיט ברען, מיט משוגעת. איך האָב געשלעפּט שטײנער און געלײגט זײ אויף אײנאַנדער און געקראָכן כּסדר, אָן הפסקות, אַרויף און אַראָפּ און ווײלעווײז אומגעפֿאַלן און אײַנגעריסן זיך די הויט אויף די הענט און די פֿיס.

איך האָב מיר צעווונדיקט דעם גאַנצן גוף, זיך אויסגעשמירט מיטן עקלהאַפֿטן שלײם פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און דאָך האָב איך נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן.

אַז מײַן טורעמל האָט גענומען וואַקסן, איז די אַרבעט געוואָרן נאָך שווערער, נאָך פּײַנלעכער, ווײַל איך האָב געהאַט צו על[illegible]פן די שטײנער אַלץ העכער און העכער, און נאָר אַ [illegible], וואָס דער טויט האָט געאָטעמט אויף אים פֿון דערנאָענט,

האָט נאָך געקענט שטיין אויף די פיס ביי דערדאָזיקער קאַ־טאָרגע־אַרבעט.

טיילמאָל זענען איינגעפאַלן טיילן פון מיין „בנין", ווייל איך האָב געלייגט די שטיינער אַבי־ווי, נישט פּראַקטיש און נישט באַרעכנט, און איך האָב געמוזט אָנהייבן פון דאָסניי...

און איך בין אומגעפאַלן און אויפגעשטאַנען, אָפּגעקרעכצט און ווייטער געאַרבעט, געשלעפּט די שטיינער אַרויף און אַראָפּ...

איך האָב געזען בלוט אויף מיינע הענט און פיס, און בלוט האָט מיר געטריפט פון צוקלאַפּטן שטערן... אַ ווייטיק האָב איך געפילט אין אַלע מיינע גלידער, אָבער איך האָב פאַרביסן די ציין און געשוויגן.

איך האָב מיר נישט פאַרגונען אָפּצורוען. איך האָב עס נישט געטאָרט טאָן, אויב איך האָב געוואָלט בלייבן לעבן. און מיט יעדער מינוט האָב איך נאָך געדאַרפט פאַרשטאַרקן און פאַרשנעלערן דידאָזיקע קאַטאָרגע־פּראַצע.

מיין טורעמל האָט דאָך נישט געקענט פאַרענדיקט ווערן: דער ים האָט אָפּגעשטעלט מיין קאַטאָרגע.

די כוואַליעס האָבן שוין כמעט פאַרדעקט דאָס גאַנצע אינדזעלע, און דאָס וואַסער האָט מיר דערגרייכט ביז די קני...

פונדעסטוועגן האָב איך נאָך אַלץ געשלעפּט שטיינער — איך האָב מיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. איך האָב געוווּסט, אַז מיט יעדן שטיין פאַרלענגער איך אַ מינוט פון מיין לעבן...

אַ געזאַלצענער שוים האָט מיר געשלאָגן אין פּנים אַריין, אין די אויערן האָבן מיר געפּייפט בייזע ים־ווינטן און גרויסע טונקעלע כוואַליעס האָבן זיך איבערגעקוילערט איבער מיין קאָפּ...

מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און מיט גרויס סכנה פאַר מיין לעבן האָב איך אַוועקגעלייגט דעם לעצטן שטיין אויף דעם נישט פאַרענדיקטן טורעמל.

דעמאָלט האָב איך מיך אָוועקגעשטעלט אויפן סאַמע שפּיץ
און האָב מיך צוגעטוליעט צום דראַנג.
דער ים האָט זיך אויפגעהייבן, אַ בייזער, אַ שרעקעוו־
דיקער און אַ צורייצטער, אַלץ העכער און העכער. דאָס ליכט
פון הימל האָט זיך גענומען אויסלעשן.
די ווינטן האָבן געפייפט, ווי טויזנטער ווילדע רוחות
און נישט־גוטע.
די גאַנצע ערד האָט געציטערט, ווי אין אַ קדחת...

## די כוחות פון ים.

איך בין געשטאַנען צוגעטוליעט צום דראַנג און געקוקט אויף דעם אימהדיקן בילד פון ים.

עס וואָלט געווען גאווהדיקע נאַרישקייט אָדער נאַרישע גאווה, און נאָך צוגעפּראַוועט און צוגעמישט מיט מיאוסן שקר, ווען איך וואָלט אייך געזאָגט, אַז איך בין געשטאַנען ביים דראַנג אָן פּחד און וויי.

ניין, קינדער, איך האָב מיך געקאָרטשעט פון אימה און שרעק, ווי פון צאָנווייטיק...

אין מיר האָט זיך געשראָקן און געציטערט נישט בלויז דאָס האַרץ, דאָס קליינע הערצל מיינס, נאָר אַלע גלידער, דער גאַנצער גוף.

און ווען נישט דער דראַנג, וואָלט איך זיכער אומגעפאַלן ווי אַ שטרויעלע אין וואַסער, אין די צובושעוועטע כוואַליעס.

איך בין אויך נישט געווען זיכער מיט מיין צרהדיקן, נישט פאַרענדיקטן טורעמל, אויף וועלכן איך האָב אַוועקגעלייגט אַזויפיל כוחות. עפּעס האָב איך געטראַכט, אַז דער שטאַרקער דרוק פון וואַסער וועט עס אומוואַרפן, ווי אַ קאָרטנשטיבעלע...

אמת, אין מיין שווערער קאַטאָרגע־פּראַצע האָב איך באַוויזן אָנצעוואַרפן אַ זויפיל שטיינער, אַז זיי האָבן, מעגלעך, מיט גאַנצע צען צאָל איבערגעשטייגט די וואַסערליניע פון דראָנג.

אָבער דאָס איז געווען ווייניק, און איך האָב נישט געהאַט די גאַראַנטיע, אַז איך וועל נישט באַדאַרפן שטיין אין וואַסער.

איך בין אָבער כּלל נישט געווען זיכער אויך אין דער וואַסערליניע. ווארים ווער קען מיר דאָ באַשטעטיקן, אַז דאָס איז טאַקע די ריכטיקע מאָס, ביז וואַנען עס הייבט זיך אויף דער ים? ווער קען מיך פאַרזיכערן און באַרויִקן, אַז ווייטער גייט ער נישט?

אפשר איז דידאָזיקע ליניע בלויז דער צייכן פון דער נאָרמאַלער ים־שטייגונג, ווען דאָס וועטער איז שטיל, ווען די „ים־געוויטערס שלאָפן?"...

און ווי איז אָבער, אַז די ים־געוויטערס שטייען אויף פון שלאָף און הייבן אָן טאַנצן צווישן הימל און ים — ווי הויך דערגרייכט דעמאָלט דאָס וואַסער אויפן אינדזעלע?

אויך איצט האָבן שטאַרק געבושעוועט די ווינטן בשותּפות מיט די כוואַליעס.

עס זענען געווען מאָמענטן, ווען די קאַלטע געזאַלצענע כוואַליעס האָבן מיר אַריבערגעטאַנצט איבערן קאָפּ און בעת מעשה האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי מיין טורעמל ציטערט אויף זיינע שוואַכע פיס און וויל אומפאַלן...

אויב דער ים שפּילט זיך איצט אַזוי פריינטלעך מיט מיר, היינט וואָס וועט שוין זיין שפּעטער, ווען ער וועט זיך צעטאַנצן מיט אַלע זיינע כּוחות?

יאָ, דעמאָלט איז אַ סוף, דעמאָלט וועל איך מוזן צומאַכן אויף אייביק די אויגן אין זיינע קאַלטע געזאַלצענע אָרעמס...

אמת, אַז מען נעמט און מען באַחשבונט מיט אַ רויקן קאָפּ, קומט אויס, אַז אַלע שאַנסן זענען אויף מיין זייט.

ס'איז דאָך זיסער מאַי אינדרויסן. דאָס וועטער איז אין דער צייט על־פּי־רוב שטיל און לינד, די אכזרים — די שלעכטע ווינטן שלאָפן...

אין אָט דער צייט שפּילן זיך אויפן ים בלויז ווינטן, אָבער נישט קיין שטורמווינטן, און דער ים האַלט זיך ביי זיינע נאָרמאַלע לעבנס־דרכים.

ער סטראַשעט קיינעם נישט, ער טשעפּעט קיינעם נישט. ער איז אַ גוטער זיידע, וואָס גיט נאָר פון צייט צו צייט אַ גלעט פּאַרן בעקל און אַ שנעל אין נאָז...

און דאָך...

און דאָך האָב איך געפילט מיט אַלע חושים, אַז מיין לעבן הענגט אויף אַ האָר.

די גרעסטע סכנות, די פיינלעכסטע געפאַר ליגט אַפילו אין דעם ימס גוטסקייט, אין זיין פריינטלעכקייט, אין זיין שמייכעלע...

ער קען גלעטן און האַליובען מיט טויט...

מיט גרויסע אויסגעשפּרייטע אויגן האָב איך געקוקט אויפן ים: איך האָב נאָך אַלץ געזוכט אין זיינע רוימען עפּעס אַ צייכן פון אַ זעגל, אַ רמז פון אַ שיף. דאָס נארישע האַרץ האָט זיך נאָך אַלץ בלוטיק גענאַרט און געהאָפט אויף דער הילף פון אַן אומגעריכט-פאַרבייגייענדיקער שיף, פון אַ געזעמל מענטשן, וואָס לויפן, ווי אָזלערס, מיך ראַטעווען...

און פאַר דידאָזיקע נאַרישע האָפענונגען האָט דאָס האַרץ באַקומען געצאָלט בלויז יאוש און אַנגסט.

איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען צוגעטוליעט צום דראָנג, ווי צו אַ שטומען חבר. און מען מוז מודה זיין, אַז אין אָט

גיהנמדיקער מינוט איז ער געווען מיין איינציקער חבר און פריינט, כאָטש ער האָט נישט געקענט רעדן און האָט אַזוי מורה־שחורהדיק געקוקט מיט זיין פּעסל גלייך אין הימל אַריין...

איך האָב מיך געהאַלטן אין אים און בעת מעשה מורא געהאַט זיך צו רירן פון אָרט, טאָמער וואַרף איך אום מיט אַ פוס־באַוועגונג דאָס גאַנצע טורעמל מיינס.

אָך, ווי איך האָב נישט געטרויט די דאָזיקע שטייגער אונטער מיינע פיס!

איך ווייס, איך האָב זיי געלייגט אָן אַ סדר, אָן אַ טאַלק, אַבי אָנגעוואָרפן, אַבי עס זאָל זיין הויך, דאָס וואָסער זאָל מיך נישט דערגרייכן.

אָבער ביי ווערמען וועט זיך עס קענען עפענען אַ מויל, צו באַשולדיקן מיך אין דער דאָזיקער פושערישער אַרבעט? גאָט אין הימל, איך האָב דאָך אַזוי ווייניק צייט געהאַט, און דערצו בין איך דאָך געווען אַזוי קליין, אַזוי שוואַך, אַזוי יונג, אַזוי נאַריש, אַזוי אומבאַדאַכט!...

דער ים האָט זיך אָבער ווייטער געהייבן. דאָ און דאָרט האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע כוואַליעס מיט ווייסע פּאַרוקן אויף די קעפּ. זיי זענען געגאַנגען בייז־בשורהדיק און מעכטיק־שווער צום אינדזל, און אין זייער ווילדן ברומען האָב איך געשפּירט דעם לעצטן קלאַנג, דעם לעצטן אָטעם פון מיין לעבן...

און פון מינוט צו מינוט האָט זיך געשטאַרקט זייער ברומען און ברויזן. דאָס האָבן זיי גערעדט מיט מיר און האָבן מיך אָנגעקוקט מיט שוואַרצרוחישע אויגן:

„וואָס טו איך דאָ, אין זייער סטיכיע? ווי קום איך, נאַריש קינד, אַהער?“

און אַט זעגען זיי ציגעגאַנגען צום אינדזועלע און האָבן
אים פאַרגאָסן מיט אַ געבריל ווי פון טויזנט שאָסן פון האַרמאַטן.
און אָט זעגען זיי געגאַנגען נאָך העכער, נאָך העכער...

זיי האָבן מיך געכאַפּט פאַר די פיס, פאַר די קני; נאָכדעם
פאַרן גויך, פאַר דער ברוסט; נאָכדעם פאַרן האַלדז און אָט
שלאָגן זיי מיר געזאַלצן אין מויל אַריין, אין די אויגן...

דאָס וואַסער האָט זיך שוין לאַנג אויפגעהייבן העכער פון
דער אָנגעצייכנטער ליניע אויפן דראָנג.

איך האָב מיך געמוזט ראַטעווען און האָב מיך מיט גרויס
אימפּעט אַרויפגעצויגן אויפן דראָנג, אונטערן סאַמע פעסל.
אָבער דאָס איז דאָך קיין אָרט נישט געווען פאַר מיר.

וויפל קען זיך האַלטן אַ מענטש אין אַזאַ לאַגע? הענט
און פיס ווערן אָפּגעשוואַכט און מען קען אַ ליאַדע מינוט אַ
פאַל טאָן אין וואַסער אַריין, ווי אַ שטיין.

דרויסן איז שוין געווען נאַכט. קיין איין שטערן אויפן
הימל, קיין שום שיין אויפן ים, און אין דערדראָזיקער געדיכטער
שוואַרצקייט האָבן זיך צעטאַנצט און צעשפּילט און צעבושעוועט
די אמתע ים-שטורעמס, די אימה יקע כוחות פון די תהומות,
באַגלייט מיט אַ ווילד פייפן פון אַלע פיר עקן וועלט און באַ-
כליאַפּעט מיט אַ קאַלטן מבול.

פון הימל האָט געגאָסן, ווי מיט צעבערס.

אונטערשטע וואַסערן מיט אויבערשטע וואַסערן האָבן זיך
געראַנגלט איינע מיט די אַנדערע, געפּאַטשט און געשלאָגן
איינאַנדער און זיך באַרימט, קאָקעטירט מיט זייערע גרויליקע
כוחות...

און דאָס ייִנגל, וואָס האָט זיך איינגעגעסן מיט הענט און פֿיס אין דראַנג, דאָרט הויך אונטערן פּעסל, איז מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן געוואָרן פֿון גרויל און פֿון שטורעם און איז מיט בלוטיקער רציחה אַוועקגעשליידערט געוואָרן אין די תּהומות פֿון די צעיושעטע כוואַליעס...

## ווידעראמאָל ביים דראַנג.

פאַרגעסט אָבער נישט, קינדער: איך האָב געקענט שווימען...

אָך, בלוי, מיין ים־רבי, לאַנג לעבן זאָל ער (דאָס איז איצט מיין אייגציקע ברכה), האָט מיר געוויזן וואָס הייסט גוט און לייכט שווימען, און איצט זענען מיר ערשט רעכט צוניץ געקומען זיינע לעקציעס.

ווי אַ פיש, האָב איך מיך אַרויסגעגלימשט פון די שוואַרצע ים־תהומות, אַרויסגעשווומען אויבן אויפן וואַסער און גענומען אינדערפינסטער זוכן דעם דראַנג.

דעם דראַנג האָב איך בשום אופן נישט געטאָרט פאַרלירן. ווארים פאַרליר איך אים, פאַרליר איך דאָס אינדזעלע, דאָס הייסט איך ווער פאַרטראָגן אין אָפענעם ים, פונוואַנען קיין שום גיבור אין דער וועלט וועט זיך שוין נישט קענען ראַטעווען.

אין דעם מאָמענט בין איך געווען ענלעך צו אַ ניו־פאונדלישן הונט, וואָס זוכט עפּעס אין וואַסער און שמעקט עפּעס אויס אינדערפינסטער...

עס איז געווען פון די שווערסטע זאַכן אויסצוגעפינען מיין שטומען חבר, פון וועלכן איך בין אָן שום רחמנות, ווי אַ שפּענדעלע, אָוועקגעשלעפּט געוואָרן.

וואָלט ער געקענט רעדן, מיין חבר, וואָלט ער געקענט כאָטש איינמאָל מיך אַ רוף טאָן ביים נאָמען!

אָבער מיינע אויגן האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו דער פינסטערניש, די אויערן צום פייף פון די ווינטן. איך האָב מיך צוגעהערט צום גערויש פון וואַסער און האָב מיר משער געווען, אַז דאָרט, ווו דער דראָנג שטייט, דאַרף זיין עטוואָס רוישיקער, ווייל דער דראָנג איז דאָך אַ שטיקל מניעה פאַר די כוואַליעס. און אָט, ביסלעכווייז, ווי אַ צומישטער פיש, האָב איך ענדלעך געפונען מיין איינזאַמן, הויכגעוויקסיקן און שטומען חבר...

צוגעשווומען צו אים מיט די לעצטע כוחות, האָב איך מיך אָנגעכאַפּט אָן אים מיט הייסע טרערן אויף די אויגן.

אויב איך וועל בלייבן לעבן, האָב איך געטראַכט, קען עס געשען נאָר דעמאָלט, ווען איך וועל מיך האַלטן ביי דעמדאָזיקן הויכן שטעקן.

אמת, קיין דירעקטע הילף גיט ער מיר נישט און מען קען טויזנט מאָל פאַר דער נאַכט אומקומען לעבן אים, אָבער ער איז פאָרט אַ פונקט פון ווידערשטאַנד אין דערדאָזיקער סטיכיע און דער איינציקער סימן פון פעסטן באָדן אין דערדאָזיקער צעיושעטקייט פון ים.

דאָ, ווו ער שטייט, איז דאָך יבשה, און אויב איך וועל אויסהאַלטן די נאַכט, בלייב איך אויפן אינדזעלע, און נישט אויפן גרונט פון אָפענעם ים.

די גרויסע נויט האָט דאָך די טייערע מעלה אין זיך, וואָס זי גיט צו אַ סך כוחות זיך צו ראַנגלען, וואָס זי דערלאָזט נישט אינגאַנצן צו פאַרצווייפלען.

דאַכט זיך, איך בין אַן אויסגעמוטשעטער, אַן איבערגעפּראָוועטער, אַ פאַרגליווערטער, אַ צעוווּנדיקטער, און פאַרמעג שוין נישט קיין איין טראָפּן כּוח אין זיך, און דאָך בין איך נאָך גענוג שטאַרק און גענוג משוגע, צו וועלן ראַטעווען מיר דאָס לעבן.

איצט האָב איך געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי איך זאָל מיך צופּעסטיקן צום דראָנג. די כוואַליעס האָבן מיך געריסן פון אים ווי מיט צוואַנגען. און וועלן זיי מיך אַוועקשלעפּן איין מאָל און אַ צווייט מאָל, וועל איך שוין גום דריטן מאָל נישט קענען זיך דערשלאָגן צו אים, ווייל דאָס איז שוין איבער די כּוחות אַפילו פון אַ ריז...

נאָר אָט איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן דער ים, פּונקט ווי עס וואָלט געקומען פון ערגעץ אַ באַפעל, ער זאָל שווייגן!

אַ צומישטער האָב איך מיך אומגעקוקט. מיר איז איינגעפאַלן, פּונקט ווי אַ שטיק ליכט וואָלט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ: דאָס אומגליק מיידט מיך, דאָס וואַסער פאַלט...

מיין שמחה האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. עס זענען אָנגעפלויגן נייע שטורעמס, די כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהייבן נאָך שטאַרקער, ווי פריער.

וואָס פאַר אַ געדיכטע שוואַרצקייט, וואָס פאַר אַ געבריל און געברויז פון די כוואַליעס, וואָס פאַר אַ געפייפעריי פון די ווינטן!

די כוואַליעס האָבן מיך אויפגעהייבן סאַמע ביזן פעסל. פריער האָב איך געדאַרפט קריכן אויפן דראָנג, און אַוועקלייגן אַזויפיל כּוחות צו דערגרייכן דאָס פעסל, איצט האָבן מיר די כוואַליעס אַליין דערפירט צו דעם פעסל, אָבער מיר איז פון זייער הילף נישט לייכטער געוואָרן.

זיי האָבן מיך באַלד אַראָפּגעוואָרפן צוריק, און איך האָב געמוזט לאַנג שווימען, ביז איך האָב מיך פונדאָסניי אָנגעכאַפּט פאַרן דראָנג.

זיי האָבן געשפּילט מיט מיר אַ מיאוס העסלעך שפּיל פון קאַץ און מויז...

אַך, ווען איך וואָלט עס איצט פאַרמעגט אַ שטריק, אַ שטיקעלע שטריק, מיט וועלכן איך זאָל מיך קענען צובינדן צו מיין שטומען חבר!

אָבער דאָס קלענסטע שטיקל שטריק איז פון מיר איצט געווען אַזוי ווייט, ווי העגריס לאָדקע אָדער ווי מיין פּעטערס שעפּסן...

מיין אָרעמער אויסגעמוטשעטער מוח האָט אָבער אַלץ געזוכט הילף פאַר מיר. ער האָט געמוזט זוכן, ווייל דער טויט איז געשטאַנען און האָט האַרב אָנגעדריקט אויף אים. קיין איין מינוט, קיין איין רגע איז ביי מיר נישט אַוועק נישט אין טראַכטן, נישט אין פיינלעכער זוכעניש, נישט אין דרייען מיט די אויגן אויף אַלע זייטן.

אויב נישט קיין שטריק, האָב איך געטראַכט, קען איך דאָך עפּעס מאַכן פון מיין קורטקעלע. אפשר וועט מיר דאָס קורטקעלע קומען צוהילף?

זינט מיין גוטע מאַמע איז געשטאָרבן, האָב איך אָנגעהייבן טראָגן אַ קורטקעלע פון גראָבן פויערשן שטאָף. עס איז נישט געווען קיין געלט און עס איז אויך נישט געווען קיין ליבע. קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף מיר און אויף מיין קליידונג, און דאָס גראָבע קורטקעלע האָב איך געטראָגן סיי אינדערוואָכן און סיי יום-טוב.

מיינט אָבער נישט, קינדער, אַז דאָס גאַנצע גליק ליגט אין אַ זיידענעם בגד. שטעלט אייך פאָר, אַז אַ פּשוט קורטקעלע

פון גראָבן פּויערשן שטאָף קען אַמאָל דינען דעם מענטשן בעסער, ווי דאָס שענסטע זיידנס און סאַמעט.

און איך קען אייך עדות זאָגן, אַז מיין הילף (הערט! הערט!), אַך, מיין הילף אין אַט דער אימהדיקער נויט, האָב איך דווקא געפונען אין דעמדאָזיקן גראָבן פּויערשן שטאָף.

מיין קורטקעלע האָט געהאַט אַ שורה קנעפּ, ווי אַלע פּויערשע קורטקעלעך, אין דידאָזיקע קנעפּ זענען געווען צוגענייט צום שטאָף, ווי מיט אייזערנע פעדעם. עס איז אַן אַלטער כּלל: אַ קנאָפּ טאָר זיך נישט אָפּרייסן ביי אַ פּויער אָדער ביי אַ פישער.

אָבער די קנעפּ אַליין זענען אויך געווען אייזערנע: זיי האָבן זיך נישט געקענט בויגן ברעכן. זיי זענען אויסגערעכנט געוואָרן אויף יאָרן, אויף צענדליקער יאָרן.

אַלע מיינע מיטלען, וואָס איך האָב אָנגענומען ביז אַהער, האָבן מיר נישט געהאָלפן: די שטיינער זענען געווען שלעכט און נידעריק אויסגעלייגט, און זענען צעפלויגן און צעפאַלן געוואָרן פון די כוואַליעס; דער דראָנג האָט מיך נישט געקענט האַלטן אויף זיך, ווייל ער האָט קיין שום שטיצפּונקט נישט געהאַט און פאַרן פעסל, צו וועלכן איך האָב מיך אַזוי געצויגן און געריסן, איינשטעלנדיק ווילעוויז דאָס לעבן, האָב איך געהאַט צו קורצע הענט...

איצט האָב איך געוואָלט אויספּרוּוון מיין לעצט מיטל, וואָס איז מיר פלוצלונג איינגעפאַלן, טראַכטנדיק פון אַ שטריק.

איך מוז אייך אָבער פריער נאָכאַמאָל איבערחזרן: פאַר מיר איז געווען קלאָר, ווי דער טאָג, אַז ראַטעווען קען איך מיך נאָר מיט דער אומדירעקטער הילף פון דראָנג.

אָן דעם דראַנג בין איך נישט מער ווי אַ שפּענדל אין ים, וואָס קען אַ ליאַדע מינוט פאַרטראָגן און פאַרזינקען ווערן אין די כוואַליעס.

איך האָב מיך אָבער כסדר, נאָכאַנאַנד נישט געקענט האַלטן אָן אים. די הענט האָבן מיר געגליווערט, די כוחות זענען געפאַלן.

און אָט האָב איך געטראַכט: מיין קורטקעלע איז ברייט אויף מיר: אַ אָ מלבוש, ווי איר ווייסט, ווערט דאָך נישט געניית צו דער טאַליע. נו, און די קנעפּלעך זענען שטאַרק ווי אייזן. טאָ לאָמיר טאָן איין קלייניקייט: איך וועל מיר אָפּשפּיליען דאָס קורטקעלע, אַרומנעמען דערמיט דעם דראָנג און צוריק זיך פאַרשפּיליען...

אַזויאַרום וועל איך דאָך זיין געזיכערט, אַז דער ים וועט מיך נישט אָוועקשלעפּן, סיידן צוזאַמען מיטן דראָנג, וואָס דערווייל איז עס נאָך נישט געשען, און איך וועל האָבן פרייע הענט און וועל קענען אָפּרוען דעם אָטעם.

איר קענט אייך גאָרנישט אויסמאָלן מיין שמחה, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אויפגעהייבן און אַראָפּגעלאָזט מיינע פרייע הענט און דער ים האָט מיך בעת מעשה נישט אָוועקגעשלעפּט!

וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן, וואָס פאַר אַ פאַרלייכטערונג, גאָט אין הימל!

דער דראָנג האָט מיך פעסט געהאַלטן, פונקט ווי ער וואָלט מיך געוואָלט צושמידן צו זיך אויף אייביק.

אין מיין באַרירונג צו אים מיטן נאַקעטן לייב האָב איך געפילט עפּעס פאַטערלעכעס און זיכערעס, פונקט ווי ער וואָלט מיר געגעבן צו שפּירן מיט זיין שטומען לשון, אַז ער וועט מיך נישט פאַרלאָזן...

דער ווייטיק אין די ביינער, די צומזיקטקייט און צו־טרייסלטקייט פון גאַנצן גוף האָט אַזוי ווי נאָכגעלאָזט...

אָבער מיר איז שוין, קענטיק, אַזוי באַשערט געווען, אַז איך זאָל מיך לאַנג נישט פרייען...

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז מיר שטייט נאָך פאָר אַן ערנסטע סכנה.

די התחלה האָט געמאַכט אַ הויכע קאַלטע כוואַליע, וואָס האָט זיך ווילד צעטאַנצט איבער מיין קאָפּ.

און ווען דערדאָזיקער טאַנץ וואָלט געדויערט נאָך איין רגע, וואָלט איך מסתמא נישט געהאַט די זכיה צו דערציילן אייך דאָסדאָזיקע פיינלעכע זייטל פון מיין לעבן.

די כוואַליע וואָלט מיך פשוט דערשטיקט מיט איר דרוק.

איך האָב מיך געמוזט אויפהייבן העכער און זיך האַלטן ביים דראָנג אין דערזעלבער לאַגע, וואָס ביזאַהער, דאָס הייסט זיין צוגעקלעפּט צו אים.

אָבערביידע, איך און דער דראָנג, האָבן זיך אַזוי איינגעגעסן אינאיינאַנדער, אונדזערע לייבער האָבן זיך אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, אַז איך האָב מיך נישט געקענט אָפּרייסן פון אים. עס איז געווען ענלעך דערויף, ווי ער וואָלט מיך געהאַלטן און איך וואָלט אים געהאַלטן, און עס איז נישטאָ אַזאַ כוח, וואָס זאָל אונדז קענען צושיידן.

איך האָב אָבער מורא געהאַט, אַז מיין אָרעמער אויסגע־מוטשעטער קאָפּ זאָל ווידער נישט ווערן אַ טאַנצזאַל פאַר די קאַלטע געזאַלצענע כוואַליעס, און מיטן גאַנצן כוח פון אַ פאַר־צווייפלטן זיך גענומען רייסן פון דראָנג.

אָך, ווען ער וואָלט געקענט רעדן, וואָלט איך אים דערקלערט דורך רירנדיקע ווערטער, אַז איך רייס מיך פון

נישט מחמת שנאה, נאָר װײַל די גרױסע נױט צװינגט מיך דערצו...

איבעריקנס, גײ איך דאָך נישט אַװעק פֿון אים.

איך בלײַב אַלץ זײַן חבר אין דערדאָזיקער שטורעמדיקער נאַכט, נאָר איך װיל בלױז אַרױסקריכן אױף אים עטװאָס העכער...

## איך הענג אויפן דראָנג.

ע'ס איז מיר נאָך אַלץ נישט געלונגען זיך אַרויפצוקריגן העכער אויפן דראָנג.

איך האָב מיך שוין אַפילו אָפּגעריסן פון אים, דידאָזיקע אָפּעראַציע איז שוין אַפילו אַדורכגעגאַנגען בשלום, אָבער איצט האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, ווי אַזוי וועל איך מיך קענען צוקנעפּלען דאָרט אויבן אינדערהויך, ווו דער דראָנג איז אַ סך דינער, ווי אינמיטן און ווי אונטן?

וואָס וועט מיר העלפן מיין אַרויפקריגן זיך העכער, ווען איך וועל מיך נישט קענען צוקנעפּלען צו מיין שטומען חבר?

אָך, ווען איך וואָלט געהאַט אַ מעסערל אָדער אַ געוויינ־לעכן טשוואָק, מיט וועלכן איך זאָל קענען צונעגלען מיין קורט־קעלע צום דראָנג!

איך האָב אָבער געהאַט אַ פול האַרץ מיט וויי, נישט קיין מעסערלעך מיט טשוועקעס.

אַז קיין שום עצה איז נישט געווען, האָב איך מיך ווידער אַרויפגעצויגן אויפן דראָנג ביז צום פּעסל און געזוכט עפּעס אַ

מיטל, ווי אַזוי זיך איינצופּעסטיקן דאָ. צום צוואַנציקסטן מאָל האָב איך באַטאַפּט דאָס פּעסל און דעם דראָנג, געשפּיליעט דאָס קורטקעלע און פאַרשפּיליעט, געזוכט עפּעס אַ לעכל, אַ גריבל אָדער אַן אָנהאַלט, אָבער איך האָב גאָרנישט געפונען און בין ווידער אַראָפּגעפאָרן צוריק אויף מיין אַלטן אָרט.

דער פּחד פאַר די כוואַליעס האָט מיך אָבער נישט געלאָזט רוען און איך האָב כסדר געמוזט פּייניקן דעם מוח מיט פאַרשידענע פּלענער און רעיונות. צווישן די אַלע פּלענער און רעיונות, וואָס האָבן זיך מיר געדרייט אין קאָפּ, ווי אַ זאַווירוכע און וואָס האָבן, אין פלוג, קיין שום זין נישט געהאַט, איז מיר פּלוצלונג איינגעפאַלן אַ נייע אידעע: אפשר איז אַ סברה, איך זאָל פאַרוואַרפן מיין הלבשה איבערן פּעסל און זיך אַרונטערהענגען דערמיט, אָבער אַזוי, אַז איך זאָל נישט אויפגעהאָנגען ווערן, נאָר איך זאָל בלייבן לעבן?...

איך האָב מיך דערמאַנט, אַז איך טראָג שטאַרקע שעלקעס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון דער פעל פון אַ בופלאָקס. אַזוינע שעלקעס האָבן געקענט אויסהאַלטן שווערע פודן און זיך נישט צורייסן.

אויב מיר זאָל דורך זיי געלינגען אויסצופירן דעם פּלאַן, וואָלט איך גאָרנישט באַדאַרפט אָנקומען צו מיין הלבשה.

ווען מען נעמט די שעלקעס, אַ שטייגער, נישט אין צווייען, נאָר מען לייגט זיי אויס אין איין לאַנגן שטיק, באַקומט מען אַ היבשן פּאַס, וואָס קען כמעט דינען, ווי אַ שטריק.

מיט עטלעכע שעה פריער, אויב איר געדענקט, האָב איך אַזוי פיינלעך געלעכצט נאָך אַ שטריק, אין וועלכן איך האָב דעמאָלט געזען מיין גאַנצע ישועה. אין יענעם מאָמענט איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז מיינע שעלקעס קענען זיין אַ שטריק. איך האָב גאָר פאַרגעסן אין דעמדאָזיקן טייל פון דעם

מאַנסבילשן טואַלעט, און כּדי דער זכרון זאָל קומען צו אים, האָב איך באַדאַרפט איבערלעבן די גרעסטע טויט־יסורים.

אָט אַזוי האַנדלט אַ מענטש אין אַ גרויסן אומגליק!

איך האָב מיך ווידער אַרויפגעדראַפּעט אויפן דראָנג און געזוכט אינדערפינסטער אַן אָרט, ווו איך זאָל קענען צופעסטיקן צו אים אַ ברעג פון די שעלקעס.

אַמבעסטן, האָט מיר געשיינט, וואָלט איך עס געקענט מאַכן סאַמע אונטערן פּעסל. דאָרט איז דער דראָנג געווען אַ ביסל אויסגעהובלט.

און אָט איז אַוועק אַן אַרבעט: פריער צופעסטיקן איין ברעג פון די שעלקעס צום דראָנג און נאָכדעם דעם צווייטן צו די שלייפן פון מיין אייגענער קורטקע.

יאָ, קינדער, ווען איך רייד דאָ איצט מיט אייך, זעט אויס די אַרבעט צו זיין אַ פּאַרשטענדלעכע, און וויבאַלד אַ פאַרשטענדלעכע – איז מסתּמא אויך אַ לייכטע...

מיט דער צונג איז יעדע אַרבעט אַ לייכטע.

אָבער ווען מען נעמט עס טאָן, אַן אויסגעפרוירענער, אַן אויסגעפּייניקטער, אַן אויסגעהונגערטער און אַן איבערגעשראָקענער, מיט אַ האַרץ, וואָס איז אַבידערגעפאַלן פון פּחד און מיט אויגן, וואָס האָבן געזען דעם טויט, אין אַ שוואַרצער נאַכט, אין אַ מיטן ים, וואָס שפּילט זיך מיט שטורעמס, ווי מיט באַלעמס, אונטער אַ מאַוימדיקער געברילערײַ און פייפערײַ – יאָ, קינדער, ווען מען נעמט דאָס אַלץ אין אַכט, דעמאָלט לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל, ווי אַזוי אַזאַ אַרבעט האָט געקענט דורכגעפירט ווערן!

עס גלויבט זיך נישט, עס ווילט זיך גאָרנישט גלויבן.

אָבער מען מוז גלויבן: די אַרבעט איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן.

עס איז מיר געלונגען.

און אָט בין איך געהאָנגען אויפן דראָנג – אויף נישט געהאָנגען צו ווערן, נאָר צו בלייבן לעבן...

דער דראָנג, די שעלקעס, די קורטקע – אַלע דריי האָבן מיך פעסט געהאַלטן.

דערטרונקען ווערן האָב איך אייגנטלעך שוין נישט געקענט. די כוואַליעס האָבן אַפילו טיילמאָל דערגרייכט צו מיר, אָבער מאָגערע, שיטערע, אָפּגעשוואַכטע.

און דאָך איז מיין לאַגע געווען זייער אַ שווערע.

די פיס זענען מיר פאַרגליווערט געוואָרן, איך האָב זיי נישט געקענט איינפלעכטן אין דראָנג. די קני האָבן מיר געבראָכן, איך האָב געפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין די קנעכלעך.

מיט גרויס מי און מאַטערניש איז מיר געלונגען צוצורייסן דעם אויבערשטן טייל פון מיינע הייזלעך, מאַכן פון זיי קליינע פאַסן, צובינדן זיי צום דראָנג און די עקן אַרומבינדן אונטער מיין גע‍זעס.

אַזוי־אַרום האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיצן...

און אַזוי בין איך געזעסן אַ האַלב־געהאָנגענער, אונטערן פעסל, ביים דראָנג.

אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט מיר געקלאַפּט פון קעלט.

אַז איך האָב מיך מער אָדער ווייניקער אַרויסגעדרייט מיט די אייגענע כוחות פון מיין ים־קבר, בין איך אינדערהויך אַריינגעפאַלן אין די פּראָסטיקע שטראָמען פון די בייזע ווינטן.

איך האָב מיך געפילט אַזוי דערפרוירן, אַזוי פאַרגליווערט פון קעלט, פונקט ווי מיין גוף וואָלט געווען אַ צעלעכערטער און די קאַלטע ווינטן וואָלטן אַרומגעשפּאַצירט אין מיינע בלוטן, אין האַרץ, אין די רעיונות...

און צוליב דערדאָזיקער קעלט האָב איך נישט געקענט איינדרעמלען. די אויגן האָבן זיך מיר געקלעפּט, די מידקייט איז געלעגן אויף מיר ווי אַ שווערע משא. די הענט, די פיס, דאָס האַרץ, דער קאָפּ — אַלץ האָט זיך געבעטן שלאָפן, שלאָפן, שלאָפן, אָבער די פייכטע שאַרפע קעלט האָט נישט דערלאָזט, ווי אַ רוצח...

זי האָט זיך אריינגעזעצט אין מיר, און האָט געקלאַפּט און געטרייסלט מיינע אויסגעמוטשעטע ביינער.

און טאָמער האָב איך צוגעמאַכט מיט אַן אויג, האָט זי מיר געשטאָכן, ווי מיט אָנגעגלעטע שפּיזן...

און די נאַכט האָט זיך געצויגן און געצויגן, און דער צעווילדעטער ים האָט אויף קיין איין רגע נישט אָפּגעלאָזט.

ער האָט זיך געוואָרפן מיט זיינע כוואַליעס צום שוואַרצן הימל, זיך געראַנגלט און געשלאָגן מיט עמעצן אינדערפינסטער, געברומט און געפייפט, ווי טויזנטער רוחות און נישט-גוטע און געוויגט מיט רציחה דעם דראַנג...

דער ים האָט געזוכט ערגעץ אַ שטאַרקן שונא, און נישט געפינענדיק אים, האָט ער זיך געשלאָגן מיט זיך אַליין...

ער האָט געהעצט כוואַליעס קעגן כוואַליעס, געוואָרפן כוואַליעס אויף כוואַליעס, ווינטן אויף ווינטן, שטורעמס אויף שטורעמס.

ער האָט זיך אַליין געוואָלט אונטערברענגען.

טיילמאָל האָב איך פאַרלאָרן דאָס באַוווּסטזיין אינדער-הויך אויף מיין תליה...

דאָס זענען געווען מיינע בעסטע מינוטן אין דערדאָזיקער נאַכט. דאָס איז געווען אַ מין שטאַרבן אָן יסורים, אָן ווייטיק, אָן שרעק...

איך פלעג אָבער קומען צו זיך, און מיין גיהנם פלעגט זיך אָנהייבן פונדאָסניי...

אָבער צו אַלץ, קינדער, קומט אַ סוף, אַפילו צו גרויסע ליידן אויך.

איינמאָל, ווען איך האָב געעפנט די אויגן פון אַזאַ מין האַלב-טויט און האַלב-חלשות, איז שוין געווען אַרום מיר ליכטיק-גרוי, און דער ים, וואָס איז אַראָפּ פון זינען ביינאַכט, איז געלעגן אַן איינגעשטילטער, מיט איינגעוויגטע כוואַליעס...

עס האָט זיך שוין, קענטיק, געענדיקט זיין מלחמה מיט זיך, מיט דער גאַנצער וועלט, מיטן הימל.

ער האָט געשלאָפן, דער ים, אַ צעקלאַפּטער און אַ צע-מזיקטער, און האָט שווער געכראָפּעט פון שלאָף.

און דאָס אינדזעלע, וואָס האָט מיך אַזוי מיאוס פאַרפירט, האָט זיך גענומען אָפּדעקן פון די צעבושעוועטע וואַסערן.

איינע נאָך די אַנדערע האָבן גענומען ארויסשטייגן די שוואַר-צע פאַרטרונקענע פעלזן, די אָנגעוואָרפענע קופּעס שטיינער.

אַפילו די שיריים פון מיין טורעמל האָבן זיך באַוויזן אינם גרויען ליכט פון פאַרטאָג.

אַך, וואָס פאַר אַ פּנים זיי האָבן געהאַט!

דער ים האָט זיי צעבלאָזן און צעשאַרט, ווי לייכטע פעדערלעך פון אַ פייגל...

און פון מינוט צו מינוט איז צערונען די גרויקייט — דער טאָג האָט געשפּאַנט, דער טאָג איז געגאַנגען.

שוין אויף די ערשטע אויפגעדעקטע פעלזן האָט גענומען פלאַטערן די ערשטע לעבעדיקע שניי-ווייסקייט פון די פייגל.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די שטיינער, געשריען מונטער און הילכיק אין יונגן טאָג אַריין און גענומען זוכן עסן

די, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אינדערהויף און האָבן אומגעריכט און פּלוצלונג באַמערקט, ווי איך הענג אויף מיין תּליה, האָבן מיך אָנגעקוקט ווי משוגע, פּונקט ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

„זע, דער שלים-מזל איז דאָך נאָך דאָ! ער איז דאָך נישט אַוועק"...

און דער שלים-מזל (ניין, איך בין נישט קיין שלים-מזל!) איז נאָך אַלץ געהאָנגען אויף זיין תּליה און זיך געפּוילט אַראָפּצונידערן אויף דעם ליבהאַרציקן „ווייכן" אינדזעלע...

און שטעלט אייך פאָר, קינדער, וואָס דערדאָזיקער תּליהניק האָט געשפּירט, בשעת זיין צעמישט און פאַרשמאַכט אויג האָט פּלוצלונג דערזען, ווי עס באַוועגט זיך אַ פּינטעלע ווייט אין ים, אין איינגעשלאָפענעם ים!...

ער האָט זיך נישט געפריייט, דער תּליהניק, ער האָט נישט געלאַכט, נישט געטאַנצט פאַר שמחה און גדולה.

ניין, ער האָט זיך נאָר צעוויינט מיט לעצטע קאַלטע טרערן...

ער האָט שוין קיין כּוח נישט געהאַט.

און דאָס פּינטעלע האָט זיך באַוועגט און איז געקומען אַלץ נענטער און נעבטער, און אָט איז פון פּינטעלע געוואָרן אַ שיפל מיט רודערס, און אין שיפל איז געזעסן אַ מענטש...

נאָך אַזאַ נאַכט האָב איך דערלעבט צו זען אַ שיפל און אַ מענטש...

ווער איז דער מענטש און וואָס איז דאָס שיפל?

איך האָב מיך נישט באַדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען.

העגרי בלו איז געזעסן אין שיפל!

ער איז געקומען מיך ראַטעווען. ניין, ער איז געקומען זוכן מיין טויט קערפּערל... ער איז געקומען אויף מיין לויה.

איך האָב מיך אַראָפּגעגליטשט פון מיין תּליה. דאָס שיפל איז געקומען צום ברעג.

הענרי בלו האָט מיך נאָך פריער באַמערקט און האָט מיך באַגריסט מיט אַ לאַנגן ווייסן רודער.

גיין האָב איך אָבער נישט געקענט: פיס און הענט האָבן מיר נישט געדינט, אָבער הענרי בלו, באַלד ווי ער האָט נאָר צוגעפּעסטיקט דאָס שיפל צום ברעג, איז געשפּרונגען צו מיר איבער די גליטשיקע שליימיקע שטיינער מיט דער געשיקטקייט פון אַ קאַץ.

און שטעלט אייך ווידער פאָר: אָט דער הענרי בלו, אָט דער ריז, אָט דער אייזערנער מענטש, וואָס האָט נישט געוווּסט פון פּחד, האָט מיך באַגעגנט נישט מיט פריידיקן געלעכטער, נאָר מיט טרערן, מיט גרויסע הייסע טרערן פון אַ קינד...

מיר האָבן ביידע ווייניק גערעדט.

אַ קוק געטאָן אויפן דראַנג, אויפן דאָזיקן שטומען חבר מיינעם, אויף וועלכן עס זענען נאָך געבליבן הענגען מיינע שנעלקעס און שטיקער פון מיינע הייזן, האָט הענרי אַלץ פאַר־שטאַנען.

אין איין מינוט האָט ער אַלץ געזען: דעם צעבושעוועטן ים, די נאַכט, די מוראדיקע שטורעמס, דאָס פאַרפּאַטשטע און פאַרטרונקענע אינדזעלע, די שאַרפע שניידיקע קעלט און מיך, דאָס אומבאַהאָלפענע קינד, וואָס האָט געזוכט און געמאָנט שוץ און הילף ביים דראַנג...

ער האָט עס אַלץ געזען און די טרערן האָבן זיך אים געשטאַרקט.

אָן ווערטער האָט ער מיך גענומען אויף די הענט און ווידער, ווי אַ קאַץ, אַוועקגעשפּרונגען מיט מיר צום שיפל.

אין שיפל האָט ער מיך איינגעוויקלט און איינגעטוליעט אין אַן אַלטן דיקן פעלץ, וואָס איז דאָרט געלעגן, און האָט באַלד מיט גרויס עקשנות און האַסט גענומען רודערן צום היימישן ברעג.

פונם גרויסן דיקן פעלץ האָב איך געהאַט נאָר אַרויסגע-שטעקט מיינע אויגן און אַ שפּיץ נאָז.

די לאַנגע פעלץ-האָר האָבן מיך מחיהדיק איינגעוואַרעמט, פונקט ווי עס וואָלטן מיטאַמאָל פאַרקלאַפּט געוואָרן די אָפענע לעכער פון מיין גוף, וואָס האָבן פריער אַריינגעלאָזט אַלע ווינטן פון ים...

איך האָב געוואָלט שלאָפן און געקענט שלאָפן אין די וואַרעמע האָר פון פעלץ, אָבער די צוויי אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון דער פעלץ-שפּאַרונע, האָבן זיך דאָך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם אומקיינעדיקן דראַנג...

ער ווערט אַלץ קלענער און קלענער, מיין טייערער שטומער חבר, וואָס איז איבערגעקומען דידאָזיקע נאַכט צוזאַמען מיט מיר, איינגעטוליעט אין מיר, ווי איך אין אים...

איך האָב געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ לעבעדיק באַ-שעפעניש, וואָס האָט זיך פאַרבונדן מיט מיר אויף אייביק אין זכרון...

און דעמדאָזיקן בונד האָבן מיר נאָך באַזונדערס שאַרף באַשטעטיקט די עקן פון מיינע שעלקעס, וואָס האָבן זיך אַזוי מרה-שחורהדיק געוויגט פון ווינט אונטערן פעסל ביים דראַנג...

העברי האָט מיר געבראַכט צו זיך אין הויז און אַריינגע-לייגט מיך אין אַ וואַרעמער בעט.

איך בין באַלד איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן טיפן שוואַרצן שלאָף, אָבער אויפגעשטאַנען בין איך פון דערדאָזיקער בעט אין אַ חודש אַרום.

אַ חודש צייט בין איך געלעגן קראנק.

געראַטעוועט האָט מיך העגרי מיט רפואות, מיט וויינען און מער ווי אַלץ – מיט זיין גוטן ליבן האַרציקן שמייכל.

אַ שמייכל ווירקט אמאָל בעסער פון רפואות, און מיט ליבע קען מען אויסהיילן די שווערסטע חולאתן. אין דעם פרט איז העגרי געווען דער בעסטער דאָקטאָר.

ער האָט מיך געשטעלט אויף די פיס.

## אין פײער.

אבער, קינדער, די לעקציע פון דער דאָזיקער ים-נאַכט מיטן אינדזועלע און מיטן דראַנג האָט מיר אויך גאָרנישט אויס-געלערנט...

מיין כאַראַקטער האָט זיך נישט געענדערט, מיין ליבע צום ים, צו דעמדאָזיקן אומברחמנותדיקן ים איז אויך אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן.

איך האָב נאָך אַלץ געקוקט מיט פאַרליבטע אויגן צום ים, און איך בין געווען דערזעלבער, וואָס פריער...

פאַרקערט, איך האָב געזען פּאָעזיע אין געפאַר און גע-הערט מוזיק אין די טריט פון טויט.

עס האָט זיך געוואָלט רייצן מיטן טויט...

אַרויסרייסן דאָס לעבן פון זיינע ביינערדיקע הענט.

אין יעדער סכנה שפּילט דאָס לעבן מיטן טויט, און אָט דאָס שפּיל האָט מיך שטאַרק געצויגן. איך האַלט עס פאַר דאָס העכסטע און אינטערעסאַנטסטע שפּיל אויף דער וועלט...

און מיין חשק האָט זיך צופלאַקערט אין מיר נאָך שטאַרקער, ווי פריער. איך האָב געוואָט זען נישט בלויז דעם ים, נאָר אַלע ימים, איך האָב געוואָלט זען נייע לענדער.

און יעדע שיף, וואָס איז אַוועק, אָן מיר, פון אונדזער קליינעם האַפן, האָט מיר אַוועקגענומען אַ שטיק נשמה.

און יעדער ווייטער זעגל האָט געמאַניעט מיין פאַנטאַזיע: ער האָט מיר עפּעס צוגעזאָגט פון ווייטן, צוגעוואָרפן רמזים וועגן גרויסע ים-נסיעות, אין וועלכע איך וועל מיך כלומרשט באַטייליקן. און האָט מיך אָפּגענאַרט...

עס קען זיין, אַז איך וואָלט גאָרנישט געווען אַזוי ווילד, אַז איך וואָלט גאָרנישט געשפּירט אַזאַ אומבאַטירלעכע תאווה צו סכנות און איינשטעלעניש, ווען מיין לעבן וואָלט זיך אַנדערש אויסגעלייגט, ווען טאַטע-מאַמע וואָלטן מיר געלעבט.

איך האָב געוווינט ביים פעטער, ביי אַ מענטשן אַ שלעכטן, אַ גראָבן, וואָס האָט, אויסער שווערע פערמע-אַרבעט, גאָרנישט געהאַט פאַר מיר. און צו דערדאָזיקער אַרבעט האָב איך אויך קיין שום חשק נישט געהאַט.

איך האָב זי געטאָן מעכאַניש, אונטער דער בייטש, מיט געוואַלט.

ביים פעטער האָב איך מיך געפילט ווי אַן אָקס, וואָס דאַרף נישט טראַכטן, נאָר רעגולער דערפילן זיינע באַשטימטע פונקציעס.

און ביינאַכט, אַז איך פלעג, אַ טויט-מידער, אַוועקפאַלן אויף מיין האַרטן געלעגער, פלעגט מיר דאָס האַרץ צעריסן ווערן פון בענקשאַפט און דער צוהיצטער מוח פלעגט נאָר טאָן און מאָלן דעם ים און שיפן, שיפן און דעם ים...

און מיטאַמאָל פלעג איך דערפילן, אַז איך קען עס מער נישט אויסהאַלטן, אַז איך ווער צוריסן אויף שטיקער פון

בענקשאַפט און צוהיצטע מוח-בילדער, און, אַ נאַקעטער, פלעג איך אַרויסלויפן אין קילן דרויסן, אונטער די פליגלען פון דער שטילער נאַכט, ווו איך פלעג מיך עטוואָס בארויקן.

איך האָב זיך אַליין באַשוואָרן, איך זאָל אַנטלויפן פון דער פירמע ביי דער ערשטער בעסטער מעגלעכקייט, אַנטלויפן אין דער ווייטער וועלט אַריין, אין די ווייטע ימים...

און אַזוי ווי מיין מוח האָט אויף קיין איין רגע נישט גערוט, האָב איך באַלד צוגעטראַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו אַנטלויפן.

נישט ווייט פון אונדזער דאָרף, ביי אַ פינף מייל סך-הכל, שטייט אַ גרויסע האַפנשטאָט. אין דעם האַפן פון דערדאָזיקער שטאָט קומען עפטער אַריין די גרעסטע שיפן, וואָס שניידן דורך די ימים און זיקזאַגען פון דער גאַנצער וועלט.

ס'איז אַ גרויסע רוישיקע שטאָט. איך בין דאָרט צופעליק געווען מיט דעם פעטערס אַ פערמע-אַרבעטער. מיר האָבן דעמאָלט געבראַכט אין שטאָט אַריין אַ גרויסן היי-טראַנספּאָרט.

אין האַפן האָב איך געזען ריזן-שיפן מיט ברייטע קוימענס און משונה-הויכע מאָסטביימער, און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער. דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין.

איך האָב נאָך קיינמאָל אַזעלכע שיפן נישט געזען!

איך בין געשטאַנען מיט אויפגעריסענע אויגן, מיט אַן אָפן מויל, פאַרכאַפּט פון דידאָזיקע ריזן, וואָס האָבן זיך אַזוי שטיל געוויגט אויפן וואַסער...

אויף זיי איז געלעגן עפּעס אַזאַ זיכערקייט און אַזאַ שטאָלץ, און זיי האָבן געקוקט אויף מיר, ווי הויכע בערג אויף אַ פליג...

אַך, ווער זענען די קאַפּיטאַנען פון דידאָזיקע ריזן: זיי מוזן דאָך אַוודאי זיין די געזינטסטע און די גליקלעכסטע און די פריילעכסטע מענטשן...

צי איז נאָך דאָ אויף דער וועלט אַ מענטש, וואָס זאָל זיך קענען מאַרגלייכן אין גליק מיט די קאַפּיטאַנען פון דידאָ־זיקע הויכע שטאָלצע ריזן?

אין מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער אוצר פון גליק דאַרף ליגן ביי זיי, אין זיי, אין זייער שמייכל, אין זייער שמחה, בשעת זיי גליטשן זיך אַריין מיט די שטאָלצע שיפן אין פרעמדע לענדער, אין ווישיקע האַפנס פון גרויסע פריילעכע שטעט...

די געדאַנקען האָבן מיר געטאַנצט אין קאָפּ, ווי ביי אַ שיכורן און איך האָב מיך נישט געקענט באַהערשן. איך וואָלט שוין, אין דער מינוט, אָן שום קווענקלעניש אַנטלאָפן מיט איינעם פון דידאָזיקע ריזן.

אויף איין שיף, וואָס האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט פון די איבעריקע מיט אירע געוואַלדיקע הויכע מאַסטבוימער און קוימענס און מיט אירע גלאַנציקע, פיין פּאָלירטע זייטן, איז געהאָנגען אַ שילדל מיט גרויסע רויטע געשניצטע אותיות:

| |
|---|
| א י נ ק אַ. |
| גייט מאָרגן אָפּ קיין פּערו. |

„וואָס הייסט קיין פּערו? — האָב איך מיך אַ כּרעג געטאָן, ווי אַ שיכורער, ווי אַ פאַרכישופטער, ווי אַ משוגענער. — וואָס הייסט זי גייט קיין פּערו? און ווו בין איך? אָן מיר וועט זי גיין און איך וועל דאָ בלייבן ביים פעטער, ביי דער איבלדיקער פערמע־אַרבעט, ביים היי און ביי די שעפסן? ניין, איך טאָר דאָס נישט דערלאָזן!“...

איך האָב מיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען לויפן צום האָפן.

אָבער דער פערמע־אַרבעטער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט און זיך שטאַרק צעבייזערט:

„וואָס ציטערסטו, משוגענער, און נאָך וואָס לויפסטו? וועסט דאָ ברעכן האַלדז און נאָקן אין דער גרויסער שטאָט, אויב דו וועסט נישט זיין פאָרזיכטיק. דו בענקסט, אפנים, נאָך דער נאַכט מיטן אינדזעלע... ס'איז דיר, קענטיק, צו גוט, זע איך... שטיי לעבן מיר און היט די ביינער..."

דידאָזיקע פאָרציע מוסר האָט מיך אַ ביסל אָפּגעקילט. דאָס איז געווען אַ שעפּל קאַלט וואַסער אויפן קאָפּ, אָבער מיין פּלאַן האָט עס בשום אופן נישט געענדערט און נישט געקענט ענדערן. ער איז צו טיף געזעסן אין מיינע ביינער.

און מיין פּלאַן איז געווען אַזאַ: מאַכן פּליטה פון דאָרף אין שטאָט אַריין און פון שטאָט אין האָפן און פון האָפן אויף אַ שיף...

אייגנטלעך האָב איך געקענט טאַקע איצט, פון דעם אָרט, מאַכן פּליטה און לאָזן שטיין דעם אַרבעטער מיט אַ נאָז...

דער חשבון האָט זיך תחילת נישט שלעכט געלאָזט דעקן: איך גנבע מיך אַרויס און אַנטלויף. ביזוואַנען דער פערמע־אַרבעטער וועט זיך אַרומזען און אַרומקוקן און ביזוואַנען די רעיונות וועלן זיך אים איבערדרייען אין זיין שווערן קאָפּ, וועל איך שוין זיין ערגעץ גוט פאַרשטעקט און נאָכדעם?... נו, און נאָכדעם אויף אַ שיף..

איך האָב שוין לאַנג געהערט זיך אָנדערציילן פאַרשידענע מעשיות וועגן דעם, ווי אַזוי קינדער, וואָס זיי איז שלעכט אינ־דערהיים, וואָס ליידן ביטער פון אַ שטיפטאַטע, צי אַ שטיפמאַמע,

אָדער סתּם יתומים, ווי איך, אַ שטייגער, גנבֿענען זיך אַרויס פֿון די היימישע און מאַכן פּליטה אויף אַ שיף...

די שיפֿקאָמאַנדע נעמט אויף אַזוינע קינדער גאַנץ גערן. פֿריער מאַכט מען זיי פֿאַר שיפֿיונגען און נאָכדעם פֿאַר מאַטראָזן...

די שיף ווערט זייער היים, זייער באָדן אונטער די פֿיס.

און ווער עס איז פֿעיִק פֿון זיי, דער קען, נאַטירלעך, שטייגן: פֿון אַ מאַטראָז — אַ שטורמאַן, שפּעטער אַ לייטענאַנט און נאָכדעם אַ קאַפּיטאַן...

מיין פּלאַן איז געווען גענוג קלאָר און נישט שלעכט באַרעכנט. אַזוי, לפּחות, האָט עס מיר אויסגעוויזן.

מיין געדאַנק האָט זיך אָבער ווידעראַמאָל, נישט ווילנדיק, אומגעקערט צום פֿערמע־אַרבעטער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען דזשאָן. מיט דעמדאָזיקן דזשאָנען האָב איך מיך נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעפּאַטערט.

ביי מיר קומט אויס, אַז ער האָט אַ שווערן קאָפּ און טראַכט זייער לאַנגזאַם: אַ געדאַנק — אַ שטיין... ווי איז אָבער, אַז דווקא אין דעם פֿאַל וועט ער זיך וועלן פֿלייסן און וועט טאָן און טראַכטן אַ ביסל געשיקטער, ווי אַלעמאָל?

ער קען אויפֿהייבן די גאַנצע פֿערמע אויף די פֿיס און קען אַפֿילו ברענגען דעם פֿעטער אין שטאָט אַריין. דער ענין ווערט געמאָלדן אין דער פּאָליציי, וואָס שיקט באַלד אַרויס אין גאַס אַ מבשׂר מיט אַ פּויק און מיט אַ קלינגען פֿון גלאָקן, אַז ס'איז אַנטרונען געוואָרן אַזאַ און אַזאַ יינגל...

מען מאַכט רעוויזיעס אויף די שיפֿן, אין האַפֿן, אין די גרויסע האַפֿן־שפּייכלערס...

און אָט פֿירט מען מיך מיט גרויס פּאַראַד צוריק אין דאָרף אַריין, וווּ דער פֿעטער קען מיר נאָך, אַ קשיא אויף אַ

מעשה, נישט שלעכט אַריינקאַטעווען אין די ווייכע ערטער פאַר אַזאַ העזה, צו וועלן אַנטלויפן פון אים...

נאָכדעם, ווי איך האָב מיך גוט איבערגעלייגט און ערנסט באַטראַכט דעם ענין פון אַלע זייטן, האָב איך באַשלאָסן, אַז אויב איך וויל באמת קלוג און אָן איבעריקע שטערענישן אויספירן מיין פּלאַן, מוז איך מיך דאָסמאָל צוריקקערן מיט דזשאָנען אין דאָרף אַריין. אַנטלויפן וועל איך מאָרגן פרי פון דאָרף, ווו קיינעם וועט נישט איינפאַלן, אַז איך האָב פאַר־לאָזט דעם פעטערס הויז אויף אייביק און ווו מען וועט מיך זייער נאָכלעסיק זוכן די ערשטע צייט.

אין דעם אייגענעם טאָג, פאַרנאַכט, האָב איך מיך אומ־געקערט מיט דזשאָנען אין דאָרף אַריין.

אויפן וועג האָט מיר נאָך דזשאָן צוגעלייגט אַ קליין הוספהלע צו זיין פאָרציע מוסר:

„הערסטו, פון דיר וועט גאָר קיין לייט נישט זיין, אויב דו וועסט נישט ווערן קליגער און באַדאַכטער... אַ מענטש דאַרף אַרבעטן, פאַרשטייסט? אַז מען אַרבעט גוט יינגלוויין, אַרבעט מען גוט בחורווייז... מען וואַקסט ביסלעכ־ווייז אונטער, מען האָט חתונה און מען לעבט, ווי גאָט האָט געבאָטן... פאַרשטייסט? די אַלע נאַרישע רעיונות דייגע וואַרף דיר אַרויס פון קאָפּ, אַנישט וועסטו קיין לייט נישט זיין".

איך האָב נישט געהערט, וואָס ער האָט דאָרט געבראָקט מיט דער צונג, זיצנדיק לעבן מיר אין וואָגן, אָבער פאַר יוצא וועגן האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

זאָל ער ריידן, וויפל ער וויל, דער פערמע־אַרבעטער, דערדאָזיקער דזשאָן מיט די רויטע אויגן פון שטויב און פון ווייניק שלאָפן, ווארים איך בין שוין סיי־ווי געווען ווייט, ווייט...

## איך אַנטלויף.

געקומען פון שטאָט אין דאָרף אַריין, האָב איך אַרויפגעצויגן אויפן פנים אַ מינע פון אַ שטילן געלאַסענעם יינגל, וואָס האָט גאָרנישט פאַרטראַכט אין זיינע רעיונות.

איך בין איצט געווען דער שטילסטער און דער געהאָר־זאַמסטער.

וואָס עמעץ האָט געבעטן, האָב איך באַלד געטאָן, געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, געקוקט יעדן אין די אויגן אַריין.

און, ווי אויף צו להכעיס, זענען אַלע געווען זייער גוט צו מיר. די עלטערע אַרבעטער האָבן מיך אַוועקגעזעצט ביים טיש צו זייער אָוונטברויט, און מען האָט מיך אַפילו מכבד געווען מיט אַ גלעזל ראָזעווע וויין.

קוקנדיק אויף די דאָזיקע פאַרשטויבטע און פאַרשמייטע פּנימער, פון וועלכע איך האָב אַרויסגעלייענט אַן אויפריכטיק וואַרעם געפיל צו מיר, האָט מיר באמת באַנג געטאָן, וואָס איך פאַרלאָז זיי נישט אויפן נאָרמאַלן וועג, נאָר איך אַנטלויף פון זיי, דאָס הייסט איך נאַר זיי אָפּ...

אָבער די זאַך איז שוין געווען באַשלאָסן, און קיין שום מענטש אין דער וועלט האָט נישט געקענט ענדערן מיין באַשלוס.

„אמת, קיין שום מענטש" איז אפשר אַ ביסעלע אַ גוזמא. פאַר העברי בלו וואָלט איך זיכער געמאַכט אַן אויסנאַם.

דעם מענטשן וואָלט איך געפאָלגט פון פייער אין וואַסער, פון לעבן אין טויט. אָבער העברי בלו האָט שוין לאַנג פאַר־קויפט דאָס איינציקע שיפל, וואָס ער האָט געהאַט — דעם קליינעם באָט, און איז אַוועק מיט אַ שיף אַלס מאַטראָז.

נאָכן אָוונטברויט האָב איך מיך אַוועקגעלייגט שלאָפן מיט אַ מינע פון אַן אומשולדיק קינד...

איך האָב צוגעמאַכט פאַר לייטן די אויגן, געצויגן טיף דעם אָטעם, ווי אַ מענטש, וואָס שלאָפט זייער געשמאַק, אָבער אינדערעמתן בין איך געווען אַזוי וייט פון שלאָף, ווי פערד פון אונדזער דאָרף.

דער קאָפּ האָט זיך מיר געשפּאָלטן פון רעיונות, דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן פון אויפרעגונג.

און פאַר די אויגן איז געשטאַנען די שיף „אינקאַ" און האָט זיך מאַיעסטעטיש געוויגט אויפן רויקן וואַסער.

א גאַנצע נאַכט האָב איך מיך געפונען אין דעמדאָזיקן צושטאַנד, און איך וועל בשום אופן נישט זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ לייכטער צושטאַנד.

איך האָב קוים דערלעבט טאָג.

אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, האָב איך מיך אַרומגע־וואַשן מיט קאַלט וואַסער, אָבער די פערמע־לייט האָבן דאָך באַמערקט, אַז איך זע אויס זייער שלעכט.

ביים פרישטיק האָט אַפילו עמעץ געזאָגט

„דער קלײנער האָט זיך דאָך גאָר אײנגעשרומפּן איבער נאַכט...״

און דזשאָן האָט געענטפערט אנשטאט מיר:

„עט! דאָס איז צוליב זײַן נעכטיקער נסיעה אין שטאָט... אַ ייִנגל, האָט ער זיך אײַנגעמאַטערט...״

בײַם פרישטיק בין איך געזעסן אין גרויס שרעק. איך האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט מיר אײַנטײלן אַ פּאָרציע אַרבעט, פון וועלכער איך וועל מיך נישט קענען אַרויסדרײען.

די גאַנצע זאַך איז דאָך באַשטאַנען דערין, איך זאָל אַנטלויפן קלוג, דאָס הייסט, אַז קײנער זאָל נישט באַמערקן מײַן אַנטלויפן. אָבער אויב מען וויל זיך אַרויסדרײען פון אַ געוויינלעכער אַרבעט, מוז מען דערמיט אַרויסרופן אַ געוויסן חשד קעגן זיך.

צום גליק, האָט זיך דערווײל קיין שום אַרבעט נישט אונטערגערוקט פאַר מיר. עס האָט אויסגעזען, ווי גאָט אַלײן וואָלט געוואָלט, איך זאָל מאַכן אַ ויברח.

פּאַוואָליע, מיט אַן אָנגעצויגענער רויקער מינע אויפן פּנים האָב איך מיך אַרויסגערוקט פון פעטערס הויז און גענומען שפּרייזן אויפן שליאַך צו דער שטאָט מיט דראָבנע יום-טובדיקע טריט און מיט די הענט פאַרלייגט אַהינטער.

אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג פון פערמע, האָב האָב איך מיך שוין גענומען גנבענען און אויסמיידן באַקאַנטע מענטשן.

איך בין שוין געגאַנגען נישט בלויז מיט די פיס, נאָר אויך מיט די אויגן.

איך האָב מיך געהיט פאַר אַ מענטשנס שאָטן, פאַר אַ געשריי, פאַר אַ ווייטן טופּען מיט די פיס.

איך האָב געוואָלט דורכשניידן דעם וועג פון דער פערמע אין שטאָט אַרײַן, ווי אַ פייגל, איבערלופטן, נישט אויף דער ערד...

מיין אומרויקייט איז אייגנטלעך געווען אַ טאָפּעלע: איך האָב מיך געשראָקן פאַר באַקאַנטע דורכגייער און איך האָב מיך געשראָקן פאַר דער שיף: טאָמער הייבט זי זיך אויף פון אַנקער, איידער איך וועל קומען אין שטאָט...

דערדאָזיקער אומשטאַנד וואָלט מיר פאַרשאַפט די גרעסטע יסורים, וואָס איך קען מיר נאָר פאָרשטעלן.

וועגן דעם, צי מען וועט מיך וועלן אָננעמען אויף דער שיף, צי מען וועט גאָר וועלן מיט מיר רעדן, — איז מיר אויף די רעיונות נישט געקומען.

איך האָב פאַרגעסן, אַז איך בין נאָך גאָר אַ יינגל, אַ קינד, וואָס טויג זיך נישט פאַר שיפאַרבעט. מיינע פּלאַנען זענען געווען אַזוי גראַנדיעז, זיי האָבן זיך מיר אַזוי ברייט צולייגט אין קאָפּ, אַז איך האָב אויף מיר אַליין געקוקט, ווי אויף אַ גרויסן דערוואַקסענעם מוטיקן מענטשן...

אַז איך האָב מיך רעכט דערווייטערט פון דער פערמע, האָב איך מיך אָפּגעזאָגט פון די יום־טובדיקע טריט און בין כמעט געלאָפן אָן אַן אָטעם. איך האָב געהערט, ווי עס קלינגען די שטאָטישע גלאָקן, און אויף מיר איז געפאַלן דער גערויש פון אַ ווייטער געדיכטער באַפעלקערונג.

דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט, און די אויערן האָט מיר געפּייניקט, פּונקט ווי צו מיין געהער וואָלטן צוגע־שווומען טויזנטער בשורות פון מיין אומבאַקאַנטער צוקונפט...

איך האָב מיך אָבער געהאַלטן פעסט ביי מיין באַשלוס. איך האָב פון קיין זאַך נישט געטראַכט, איך האָב גאָרנישט באַגערט — איך האָב נאָר געוואָלט זיין אויפן ים און אויף אַ שיף...

מיט בלינדער עקשנות בין איך געפלויגן פאָרויס, אויף קיין איין מינוט זיך נישט אָפּגעשטעלט, צו כאַפּן דעם אָטעם. איך האָב גאָרנישט געזען. איך האָב די שטאָט נישט געזען.

אַ פאַרשוויצטער, אַ צוצאַפּלטער, בין איך גלייך אַריינגעלאָפן אין האַפן, פון האַפן אויפן בריקל, וואָס האָט געפירט צו דער „אינקאַ״, און מיט איין שפרונג, ווי אַ קאַץ, בין איך שוין געשטאַנען אויף דער שיף...

יאָ, קינדער, אָט אַזוי איז געשען מיט מיר אין יענעם אומפאַרגעסלעכן פרימאָרגן.

## אויף דער „אינקאַ".

די אויגן האָבן מיר אַרויסגעשפּאַרט — איך האָב מיך אומגעקוקט.

אַ פינף־זעקס מאַטראָזן האָבן געאַרבעט מיט דער הילף פון אַ בלאָק. מען האָט געשלעפּט גרויסע פעסער, זעק, קאַסטנס.

די מאַטראָזן האָבן געטראָגן גראָבע העמדער און ברייטע לייוונטענע הייזן, אויסגעשמירט מיט פעטס און סמאָלע. צווישן זיי האָט זיך אַרומגעדרייט אַ מענטש אין אַ קורטקע פון בלויען דראַפּ, און זיינע הייזן זענען אויך געווען ברייטע, האַרטע, לייוונטענע.

איך בין געווען זיכער, אַז דערדאָזיקע מענטש איז דער קאַפּיטאַן פון דער „אינקאַ". ערשטנס, — די קורטקע פון בלויען דראַפּ, און, צווייטנס, דאָס שטאָלצע געזיכט, די שווערע בליקן פון די אויגן...

איך האָב געזען, ווי ער קאָמאַנדעוועט מיט די מאַטראָזן, אָבער זיי געהאָרכן אים נישט גערן. טיילמאָל האָבן זיי זיך געשפּאַרט מיט אים און געלאַכט, ווי אומבאַצוווּנגענע מענטשן.

אויף דער שיף האָט געררוישט און געקלאַפּט, אַז מען האָט געקענט פּאַרטויבט ווערן. עס האָט געסקריפּעט דער בלאָק, קאַסטנס אויף קאַסטנס זענען געפאַלן, אייזנס האָבן זיך אָפּגעקלאַפּט צווישן איינאַנדער; מען האָט געקייקלט פעסער, געצויגן שטריק, געהייבן קלעצער און ברעטער, און מאַטראָזן האָבן געשריען צו מאַטראָזן.

נישט געוווינט צו אַזאַ מוזיק, האָט מיר גענומען שווינדלען דער קאָפּ און פינטלען פאַר די אויגן. איך בין געשטאַנען אַ צומישטער, פאַרטונקט מיט די אויגן און מיטן געהער אין דערדאָזיקער אַרבעט און קלאַנגען.

פלוצלונג האָט מיך עמעץ אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל, און צוויי אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט מיט חוזק.

„קאָטערל, וואָס טוסטו דאָ? — האָט יענער מיך אַ פרעג געטאָן. — אפשר ביזטו אַ בעלן צו פאָרן מיט דער שיף?"

באַלד דערויף האָט אַ צווייטער מאַטראָז אַרייַנגעזאָגט:

„וואָס הייסט, וואָס טוט ער דאָ? דו זעסט דען נישט, אַז ער איז דער קאַפּיטאַן פון דער „אינקאַ"? דאָס איז דאָך איינער פון די באַרימטע קאַפּיטאַנען..."

דער עולם האָט גענומען חוזקן איבער מיר, און ווער עס האָט נאָר געוואָלט, האָט אַרייַנגעוואָרפן אַ וויצל, אַ געלעכטערל, אַ שטעכיק ווערטל.

איך האָב מיך פאַרלאָרן און, ווי אַ פאַרלאָרענער, גענומען בלאָנדזשען מיט די אויגן, שטאַמלען מיט ליפּן.

איצט איז צוגעגאַנגען צו מיר דער מענטש מיט דער בלויער קורטקע.

„וועמען זוכסטו דאָ?" — האָט ער ערנסט געפרעגט.

איך האָב מיר געכאַפּט האַרץ און געזאָגט:

„איך וואָלט געוואָלט רעדן מיטן קאַפּיטאַן..."

„מיטן קאַפּיטאַן? — האָט ער זיך שטאַרק געחידושט. — אַזש מיטן קאַפּיטאַן... וואָס וואָלסטו געוואָלט מיט אים רעדן? דו קענסט עס מיר פאַרטרויען. איך שטעל צו אַלע טאָג באַ־ריכטן דעם קאַפּיטאַן".

דער מענטש האָט גערעדט מיט מיר ערנסט. אזוי האָט עס אויסגעזען. און דעריבער האָב איך מיך באַלד אָפּגעשעמט און שטיל, אָבער גענוג דייטלעך געזאָגט:

„איך וואָלט געוואָלט זיין אַ מאַטראָז... איך האָב ליב דעם ים... נעמט מיך צו אויף דער שיף..."

דער אַרומיקער מאַטראָזן־עולם האָט זיך הויך צולאַכט, און דער שטייפער מענטש אין דער בלויער קורטקע האָט אויך געלאַכט.

„ביל, — האָט עמעץ פון די מאַטראָזן זיך אָנגערופן, — דו קוק נאָר אָן דעמדאָזיקן גרינעם אַגרעס... דווקא אַ מאַטראָז וויל ער דאָך ווערן! אַליין איז דאָס מיט אַ קאָפּ העכער פון אַ קיך־טעפל, נישט מער, און האָט שוין די העזה צו וועלן רעדן מיטן קאַפּיטאַן..."

„איך וואָלט געוועט אַ בעלן צו וויסן, וואָס זאָגט זיין מאַמע דערויף?" — האָט אַן אַנדער מאַטראָז זיך אַריינגעמישט מיט חוזק.

„אַ גוטער טאַטע צימבלט אַריין אַזאַ חברה־מאַן אין די ווייכע ערטער", — האָט עמעץ פונדערווייטנס צוגעוואָרפן.

די מאַטראָזן האָבן געשליידערט מיט המצאהלעך און ווערטלעך, ווי טרוקענע אַרבעס. זיי איז עס, קענטיק, זייער לייכט אָנגעקומען. אָבער איך בין בעת מעשה געשטאַנען, ווי אַ פאַרמשפּטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און ציטערדיקע קני.

דער מענטש אין דער בלויער קורטקע האָט זיך ווידער־אַמאָל אָנגערופן:

„הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן. גיי צו דער מאַמען, גריס זי פונמיינטוועגן און בעט איר, זי זאָל דיך צובינדן צום קליידל מיט אַ שמריקל. כלעבן, עס וועט גאָרנישט שאַדן, ווען דו וועסט אַזוי אַ פינף-זעקס יאָר זיין צוגעבונדן צו איר קליידל...“

דער עולם האָט זיך ווידער ווילד צולאַכט, און איך האָב מיך שוין אינגאַנצן פאַרלאָרן.

„איך האָב נישט קיין מוטער...“ — האָב איך קוים אַרויס-געשטאַמלט.

דערהערט דיזאָזיקע ווערטער, האָבן עפּעס די מאַטראָזן פאַרלאָרן דעם חוזק-קוראַזש, זיך מאָדנע איבערגעקוקט צווישן אייַנאַנדער, און עמעץ האָט אַפילו געזאָגט:

„איך באַדויער דיך, ייִנגעלע, דאָך וואָלט איך דיר גע-עצהט, דו זאָלסט גיין צום טאַטן און אים בעטן, ער זאָל דיך גוט אָפּשמייסן...“

„מיין טאַטע איז אויך געשטאָרבן...“ — האָב איך פונדאָסניי אַרויסגעמורמלט.

„אָרעם נפשל, וואָס דו ביזט, — האָט מיך שוין איינער פון זיי אַ צי געטאָן מיט מיטלייד ביי דער גאָמבע. — אַ יתום ביזטו, נעבעך...“

דער מענטש אין דער בלויער קורטקע איז אָבער אויף אַ האָר נישט ווייכער געוואָרן.

„אויב דו האָסט נישט קיין טאַטן און קיין מאַמען, — האָט ער געזאָגט, — טאָ גיי צו דער באָבען, צום זיידן, צו דער מומען, צום פעטער, צו דער שוועסטער... אַבי גיי... דאָ זאָלסטו מיר מער נישט שטיין, דו הערסט? און אויב דו וועסט פאָרט שטיין און וועסט מיך נישט הערן, וועל איך הייסן, מען זאָל דיך אַראָפּזעצן אויפן ברעג און מען זאָל דיר אַריינצימבלען צען פייַערדיקע שמיץ... נו, ביזטו צופרידן?“

וואָס האָב איך געקענט טאָן נאָך אַזוינע ווערטער? איך האָב מיך איינגעשרומפּן און מיט שטילע, שעמעוודיקע און פייגלעכע טריט פאַרלאָזט די שיינע שיף...

גייענדיק איבערן בריקל מיט אַ צעבראָכן געמיט, האָב איך מיך פּלוצלונג אָנבאַגעגנט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט גע-איילט צו דער שיף.

דערדאָזיקער מענטש האָט געטראָגן אַ שוואַרצע, פיין-געניייטע מאַרינאַרקע און אַ ברייטן ווייכן הוט אויפן קאָפּ. מיר האָט זיך אָבער געדאַכט, אַז דאָס איז אַ מענטש פון דער שיף-קאָמאַנדע, ווייל ער האָט געטראָגן טונקל-בלויע דראַפּענע הייזן, און אַזוינע הייזן טראָגן נאָר ים-לייט.

און באַלד דערויף איז מיר אויך איינגעפאַלן, אַז דאָס מוז אַוודאי זיין דער קאַפּיטאַן פון דער „אינקאַ"...

פון זיינע זיכערע טריט און זיכערע באַוועגונגען איז גע-ווען צו זען, אַז דאָס גייט אַ מענטש מיט מאַכט, און ווער קען גיין מיט מאַכט, אויב נישט דער קאַפּיטאַן?

איך בין געבליבן שטיין אויפן בריקל און זיך בעסער צוגעקוקט צו דעמדאָזיקן זיכערן מענטשן, וואָס איז מיט אַזוינע פעסטע טריט אַרויף אויף דער שיף.

פון ווייטן האָב איך געהערט זיינע באַפעלן אויף דער שיף, און די מאַטראָזן האָבן געשוויגן. קענטיק, אַז דערדאָזיקער מענטש האָט אַ מאַכט איבער זיי און זיי געהאָרכן זיינע באַפעלן.

„דאָס איז דער קאַפּיטאַן! — האָט מיר א זעץ געטאָן ווי אַ דונער איבערן קאָפּ. — מיט אים באַדאַרף איך רעדן און מיט אים וועל איך רעדן!"

איך האָב מיך ווידער אַרויפגעכאַפּט אויף דער „אינקאַ" און זיך געלאָזט גיין גלייך צו דעמדאָזיקן מענטשן. בשעת איך קום צו אַ פעסטן באַשלוס, ווער איך זיכערער און מוטיקער.

ער האָט מיך אָנגעקוקט אַ ביסל אַ פאַרהידושטער, פונקט ווי ער וואָלט נישט געגלויבט, אַז אַ געוויינלעכער ייִנגל זאָל האָבן דעם מוט אָפּצושטעלן אַזאַ גרויסן מעכטיקן מענטשן.

„וואָס פאַרלאַנגסטו?“ — האָט ער קורץ געפרעגט.

איך האָב אים פאַרציילט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיך אָננעמען אויף דער שיף...

„וואָטערס, — האָט ער קורץ אַ זאָג געטאָן צו איינעם פון די מאַטראָזן, — נעמט דעמדאָזיקן יונג און טראָגט אים אַראָפּ אויפן ברעג“.

און מיט דידאָזיקע ווערטער איז ער באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן אין זיין קאַיוטע.

שטאַרקע מאַטראָזן-הענט האָבן מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטערן אָרעם, און איידער איך האָב מיך אַרומגעקוקט, בין איך שוין געווען אויפן רוישיקן און פאַרטאַראַמטן ברעג.

איך האָב אויפגעהייבן מיינע צומישטע אויגן צום מאַטראָז. ער האָט געשמייכלט.

„הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, אָרעם קינד, — האָט ער זיך אָנגערופן מיט עפּעס אַ ווייכקייט אין דער האַרטער מאַטראָזנשטים, — וואָס איך, דזשעק וואָטערס, וועט דיר זאָגן: היט דיך פאַרן וואַסער פון ים... די הייפיש וועלן דיך איינשלינגען... זיי לויערן שטענדיק אויף אַ מענטשן...“

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער נאָך ווייכער צוגעגעבן:

„דו ביזט אַ יתום, אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען?“

„יאָ, — האָב איך געזאָגט. — נישט קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע... אַ יתום בין איך...“

ער האָט מיר ווייך אַ צופּ געטאָן פאַרן בעקל.

„אָרעם קינד, וואָס דו ביזט... — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ. — איך בין אויך אַ יתום... ווען איך וואָלט געווען דער

קאַפּיטאַן פון שיף, וואָלט איך דיך נישט אַראָפּגעזעצט אויפן ברעג. איך וואָלט דיך זיכער מיטגענומען אין ים אַריין... אָבער איצט קען איך דיר, ברודערל, נישט העלפן...

ער האָט מיר ווידעראַמאָל אַ צופּ געטאָן ביים בעקל און שטיל צוגעגעבן:

„זעסטו, אַז איך וועל מיך אומקערן צוריק פון מיין נסיעה און דו וועסט אַ ביסל אונטערוואַקסן, וועל איך שוין מיט דיר רעדן גאָר אַנדערע דבורים... מיט אַ דערוואַקסענעם יונג קען מען זיך שוין אַן עצה געבן. דערווייל‌ע שענק איך דיר אָט דאָס מעסערל... אַז איך וועל מיך צוריקקערן, וועסטו מיר ווייזן דאָס מעסערל, וועל איך מיך שוין דערמאַנען, מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן. גלויב מיר, איך וועל דיך נישט פאַרלאָזן און וועל דיך איינאָרדענען אויף אַ שיף... דערווייל‌ע גיי אַהיים, זיי אַ גוט געהאָרזאַם קינד און וואַרט אויף מיר...“

דזשעק וואָטערס האָט מיר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ צייכן, אַז ער געזעגנט זיך מיט מיר און איז אַוועק אויף דער שיף און איך בין געבליבן שטיין אויפן ברעג מיטן מעסערל אין האַנט.

הייסע טרערן האָב איך דערפילט אויף די באַקן און אויף די ליפּן, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין דער עלנטסטער און דער אומגליקלעכסטער אויף דער גאַנצער וועלט.

וואָס פאַר אַ געוויש אין שטאָט, וואָס פאַר אַ טאַראַראַם אויפן ברעג, וואָס פאַר אַ הוהאַ צווישן די מענטשן.

קייגער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט און איך בין קיינעם, קיינעם נישט אָנגעגאַנגען, ווי דער שטיין, וואָס ליגט אין ברוק פון ברעג...

## קליין בין איך.

אן אומגליקלעכער, אַ דערנידעריקטער, אַ פאַרשמאַכטער, האָב איך צולעצט געגומען זוכן אַן אָרט, וווּ איך זאָל מיך קע-נען פאַרשטעקן פון מענטשן.

אין האָפן זענען געשטאַנען גרויסע קאַסטנס, פעסער און פעק מיט סחורה. צווישן זיי האָבן זיך געצויגן אַ סך שטעגעלעך און ווינקעלעך, וווּ מען האָט זיך געקענט פאַרבאָרגן פון מענטשן און אפילו פון זיך...

אָפּגעזוכט אַזאַ ווינקעלע, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אויף אַ קאַסטן און האָב מיר פאַרדעקט מיט די הענט דאָס געזיכט.

ס׳איז מיר געווען זייער אומעטיק און זייער שווער אויפן האַרצן.

וואָס טוט מען איצט? איך ווייס, וואָס איר, קינדער, וואָלט מיר געראָטן דאָרט, אין ווינקל, צווישן די קאַסטנס און פעק:

„וואַרף אַוועק דיינע משוגעתן און גיי צוריק צום פעטער אין דאָרף אַריין...“

און דאָס וואָלט, נאַטירלעך, געווען די בעסטע עצה. אפשר איז דזשעק וואַטערס אויך גערעכט: מען באַדאַרף אונ־טערוואַרטן, מען באַדאַרף אויסוואַקסן, וואָרום איך בין נאָך צו קליין...

אָבער גיין צוריק צום פעטער איז ביי מיר געווען דאָס אייגענע, ווי נעמען און אַריינלייגן זיך לעבעדיקערהייט אין קבר, צומאַכן די אויגן און שטאַרבן...

און איך בין געזעסן און געטענהט צו זיך, ווי צו אַ פרעמדן:

„פאַרוואָס האָט מיך די „אינקאַ" נישט אָנגענומען? פאַר־וואָס האָט זי מיך אָן שום רחמנות אַראָפּגעזעצט אויפן ברעג? פאַרוואָס? איך וואָלט דאָך געאַרבעט אויף דער שיף מיטן גרעסטן חשק, מיט דעם גרעסטן מסירת־נפש, מיט לייב און לעבן... נו, יאָ, מען זאָגט, אַז איך בין קליין... אָבער אַ קליי־נער ייִנגל מיט אַ סך ווילן און חשק קען דאָך אַמאָל זיין טיכטיקער און פאַסיקער, ווי אַ גרויסער! דאָס, וואָס מען וואָלט מיר געגעבן אויסצופירן, וואָלט איך זיכער אויסגעפירט נישט ערגער פון אַ גרויסן... וואָס ווילן זיי פון מיין קלײנקייט האָבן, וואָס דערגייען זיי מיר די יאָרן מיט דעם?..."

איך בין געזעסן און אַלץ גערעדט און געטענהט צו זיך מיט גרויס פאַרביטערונג און כעס. מיין אויג איז צופעליק גע־פאַלן אויף אַ שורהלע ציפער, אָנגעצייכנט מיט ווייסן קרייד אויף אַ קאַסטן.

איך האָב אַריינגעקוקט אין דעמדאָזיקן שורהלע און האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי באַצייכענען די לענג פון קאַסטן: פיר פוס אָדער 48 צאָל. אַזוי ווי מיין וווקס האָט איצט אינגאַנצן באַ־הערשט מיינע רעיונות, האָב איך מיך געוואָלט איינמאָל פאַר

אַלעמאָל געגוי אויסגעמעסטן און לאָמיר טאַקע זען, צי איך בין אַזוי קליין, ווי זיי זאָגן, צי זיי האָבן אַ טעות.

איך האָב מיך אויסגעצויגן אויף דער ערד לענגאויס דעם קאַסטן, און גענוי אויסגעגלייכט מיינע פיאַטעס מיטן קאַסטן־ברעג. נאָך אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג האָב איך איינגעפונען, צו מיין גרעסטן ווייטיק, אַז דער קאַסטן איז לענגער פאַר מיר.

אומזיסט האָב איך שטאַרק אויסגעצויגן דעם האַלדז, די אַקסלען, פונקט ווי איך וואָלט מיך געוואָלט צערייסן אויף דער העלפט - דערפון אָבער בין איך לענגער נישט געוואָרן. לויט דעם, וואָס מיר האָט דערפעלט צו דער לענג פון קאַסטן, איז אויסגעקומען נאָך מיין חשבון, אַז איך האַלט ביי אַ דריי פוס מיט ניין צאָל...

דאָס איז באמת געווען צו ווייניק פאַר אַ יינגל, וואָס האָט נישט געוווּסט פון פחד, וואָס האָט הנאה געהאַט זיך צו רייצן מיטן טויט...

איך בין פּלוצלונג צעמישט געוואָרן. מיין וווּקס איז מיר גאָר קיינמאָל נישט געקומען אויף די רעיונות. דאָס איז פאַר מיר געווען גאָר אַ נייע שפּירונג, וואָס האָט מיך שטאַרק דערשלאָגן.

איך פרעג אייך: וואָסער צוועלפיעריקער יינגל האַלט זיך נישט פאַר אַ גרויסן דערוואַקסענעם מענטשן ?... און פּלוצלונג דריי פאַרשאָלטענע פוס מיט ניין פאַרשאָלטענע צאָל !...

דאָס האַרץ האָט מיר געפּלאַצט פאַר בזיון און פאַרדרוס...

פאַר מיר איז שוין געווען קלאָר: וואָסער משוגענער קאַפּיטאַן וועט מיך וועלן אָננעמען אויף זיין שיף ? איך בין קליין, איך קען אַפילו נישט זיין קיין שיפיונג... איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ שיפיונג, וואָס זאָל האַלטן דריי פוס מיט ניין צאָל !

איך בין אָבער געווען אַ ייִנגל מיט פֿאַנטאַזיע, מיט ווילן, מיט אַ מוטיק האַרץ. מיר האָט זיך עפּעס געוואָלט. איך האָב געוואָלט פֿליען. מיך האָט גערופֿן דער ים...

און אָט, זיצנדיק אין ווינקעלע, צווישן קאַסטנס און פֿעק, האָב איך געטראַכט פֿון דעם, וואָס מאַנכע קינדער, געשיקטע און דרייסטע, גנבֿענען זיך אַריין אין די שיפֿן, פֿאַרשטעקן זיך ערגעץ אין אַ לאָך, וואַרטן אָפּ מיט גרויס געדולט ביז וואַנען די שיף גייט אַריין אין אָפֿענעם ים, און דעמאָלט קריכן זיי אַרויס פֿון זייער באַהעלטעניש און ווייזן זיך פֿאַר דער שיף־קאָמאַנדע.

אַזוי־אַרום ווערן זיי לעגאַליזירט פֿאַר איר, און מען טוט זיי גאָרנישט.

איך האָב אויך קיין אַנדער ברירה נישט, און אויב איך הער באמת דאָס רופֿן פֿון ים, מוז איך טאָן דאָס, וואָס דרייסטע קינדער טוען: איך מוז מיך אַרייַנגנבֿענען אין שיף...

דאָס איז געווען מיין לעצטער באַשלוס.

קיין אַנדער אויסוועג האָב איך נישט געהאַט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע וועגן זענען מיר פֿאַרשטעלט, אויסער דער וועג צום ים.

און אויב עס זענען דאָ מענטשן, וואָס ווילן מיר אויך דעם וועג פֿאַרשטעלן און פֿאַרצוימען, האָב איך דערוויַיל בלויז איין תרופֿה דערצו: זיך אַדורכגנבֿענען, אַדורכשמוגלען דורך זיי...

וואָס וועלן זיי מיר טאָן? זיי וועלן מיך דאָך נישט אַריינוואַרפֿן אין די כוואַליעס, אויב זיי וועט געלינגען צו אַנטפּלעקן מיין באַהעלטעניש אָדער איך וועל מיך אַליין ווייזן פֿאַר זיי.

אמת, די מאַטראָזן פון דער „אינקא" האָבן שטאַרק געהוזקט איבער מיר. אָבער אין זייער חוזק האָב איך דאָך געשפּירט עפּעס אַ גוטמוטיקייט, אַ האַרציקייט פון פּשוטע מענטשן.

און איך גלויב נישט, אַז דידאָזיקע לייט אין די גראָבע לייוונטענע העמדער זאָלן מיר וועלן שלעכטס טאָן, ווען איך וועל מיך שוין געפינען צווישן זיי אין אָפֿענעם ים.

ניין, גיכער רעכן איך אויף זייער מיטהילף און רחמנות.

אַזוי האָב איך געטראַכט און באַשלאָסן אין ווינקל צווישן די קאַסטנס.

## מײנע נײַע איבערלעבונגען.

עס פרעגט זיך אָבער: װי אַזױ פּאַקט מען זיך אַרױף אױף אַ שיף, אַז קײנער זאָל נישט באַמערקן? װי פירט מען אַדורך דעמדאָזיקן ענין קלוג און גלאַטיק?

אַרױפגײן אױפן שיפדעק אױף דעמװעלבן שטײגער, װי איך האָב עס געטאָן מיט אַ קורצער צײַט צוריק, איז נישט געװען פון די שװערע זאַכן. אָבער איך בין געװען זיכער, אַז מען װעט מיך באַלד באַמערקן און מען װעט מיך אָן שום צערעמאָניעס משלח זײַן, װי מען איז זיך מיט מיר נוהג געװען אױף דער שטאָלצער „אינקאַ".

איך האָב געטראַכט: אפשר זאָל איך גאָר בעטן עמעצן פון די מאַטראָזן, ער זאָל מיך אַרױפנעמען אױף זײַן שיף און פאַרשטעקן מיך ערגעץ אין אַ זיכערן װינקל?

אָבער װי אַזױ גײט מען צו צו אַ פרעמדן מאַטראָז מיט אַזאַ בקשה, מיט אַזױנע דבורים? און צוליב װאָס זאָל ער עס מיר װעלן טאָן?

קיין געלט האָב איך נישט געהאַט. מיין גאַנץ פאַרמעגן איז באַשטאַנען אין מיין הלבשה און אין אַ קליין קינדעריש שיפעלע, וואָס איך האָב אומישנע מיטגענומען פון מיין פעטערס הויז, כדי מען זאָל מיינען, אַז איך גיי מיך שפילן דערמיט צום טייכל...

אָבער שאַ, וואַרט נאָר, קינדער, איילט זיך נישט: איך האָב נאָך געהאַט אין מיין פאַרמעגן אַ זייגער...

ניין, איך שפּאַס נישט: אַ זייגער איז מיר געבליבן פון מיין מאַמען, און דעמדאָזיקן זייגער האָב איך שטענדיק געהאַט ביי זיך. געקאָסט האָט ער אפילו נישט טייער, אָבער אין מיינע אויגן האָט ער געהאַט אַ געוואַלטיקן ווערט, ווי אַ שיינער זכרון פון יענער ליבער גוטער צייט, ווען אויף מיר האָט נאָך געאָטעמט די צאַרטע וואַרעמקייט פון מיין אָרעמער מאַמען...

איצט איז מיר איינגעפאַלן, אַז מיט דער הילף פון דעמ־דאָזיקן זייגער קען איך דערגרייכן מיין ציל.

איך וועל אים אויסקשענקען אַ מאַטראָז, און יענער וועט מיך דערפאַר באַזאָרגן מיט אַ שיף...

אַ זייגער האָט דאָך עפּעס אַ ווערט ביי אַן אָרעמען מאַטראָז...

איצט שטייט די פראַגע וועגן אַ מאַטראָז. דאָס בעסטע וואָלט, נאַטירלעך, געווען, ווען איך דערשלאָג מיך צו אַ מאַטראָז פון דער „אינקאַ"... די שיף איז מיר געוואַלטיק געפעלן און איר קורס איז מיר באַזונדערס צום האַרצן. וואָס, אַ שטייגער, ווען איך דערקריג מיך צו דעם אייגענעם גוטמוטיקן דזשעק וואָטערס און איך רוק אים אונטער דעם זייגער:

„נאַ, נעם, ברודער, אָבער שמוגל מיך אַדורך אויף דער „אינקאַ"...

עס ווערט מיר קלאָר, אַז איך באַדאַרף מיך האַלטן נאָענט פון דער „אינקאַ“ און פּאַקן איינעם פון אירע מאַטראָזן, בפרט וואַטערסן...

נאָכדעם טראַכט איך ווייטער: אויב מיר זאָל נישט געלינגען אַדורכצוקומען מיט אַ מאַטראָז, מוז איך אויסגעפינען אַן אַנדער עצה, און דידאָזיקע עצה קען נאָר זיין די: אַרויפגנבענען זיך אויף דער שיף אומבאַמערקט און אָן זייטיקער הילף...

צום בעסטן איז דאָס גוט אַדורכצופירן אין אָוונט, בשעת די מאַטראָזן ענדיקן זייער אַרבעט און צוקריכן זיך אין זייערע קאַיוטעס.

שטיל וועל איך מיך אַדורכשמוגלען פאַרביי דער וואַך, און איך וועל מיך, ווי אַ מייזל אַריינגנבענען אין דעם אונטערשטן שפּייכלערטייל פונם שיפדעק...

צווישן פעסער און קאַסטנס וועט מיך קיינער נישט באַמערקן, און די שיף וועט מיך טראָגן אין ים אַריין...

דידאָזיקע קאָמבינאַציע, וואָס האָט מיר אויסגעזען אַזוי קלאָר און באַדאַכט, האָט אָבער אויך געהאַט אַ פּאָר שאָטנדיקע זייטן: ערשטנס, האָב איך נישט געוווּסט, צי די „אינקאַ“ וועט שטיין ביז נאַכט אין האַפן, און, צווייטנס, בין איך דאָך נישט געווען זיכער אין דעם פעטערס קאַלטקייט און נאַכלעסיקייט, בפרט נאָך, אַז ער איז געווען אַ ביסל אָנגעשראָקן פונם איינדזעלע מיט דער נאַכט...

בנוגע דעם ערשטן אומשטאַנד האָב איך מיך אַפילו באַלד באַרויִקט, ווייל אויף דער „אינקאַ“, האָב איך געזען, האָט מען נאָך דערוויייל קיין ביי שילדל נישט אַרויסגעהאָנגען און ביז נאַכט וועט זי מסתמא בלייבן שטיין אויף איר אָרט, אָבער דער פעטער... דער פעטער האָט מיך שטאַרק באַאומרויִקט...

וואָס וועל איך טאָן, אַ שטייגער, ווען זיינע אַרבעטער פליען אָן ווי שדים אין האַפן און מען פאַקט מיך און מען שלעפּט מיך אַוועק מיט גרויס בזיון צוריק אויף דער פערמע?

אַך, דעמאָלט איז פאַרפאַלן מיין וועלט! דעמאָלט איז מיר שוין ליבערשט דער טויט, ווי דאָס לעבן.

אָבער אויך די צווייטע געפאַר האָט ביסלעכווייז אָנגעוואָרן איר שאַרפקייט אין מיינע אויגן.

קודם כּל וועט מען זיך כאַפּן, אַז איך האָב געמאַכט פּליטה, נישט פריער פון נאַכט. עס איז געווען אַ זונטיקדיקער טאָג, און זונטיק האָב איך דאָך געמעגט, לכל־הדעות, פאַרפאַלן ווערן אויף אַ גאַנצן טאָג...

און ביינאַכט, ווידער, אַז מען וועט זיך שוין כאַפּן, וועט מען דאָך קודם נישט וויסן, ווו, אין וואָסער ריכטונג מען דאַרף מיך גיין זוכן, און לאָמיר שוין אָננעמען, אַז מען וועט פאַלן אויפן ריכטיקן וועג און מען וועט זיך לאָזן אין שטאָט אַריין נאָך מיר, וועט עס שוין זיין אַזוי וויט פאַרשפּעטיקט, אַז מען וועט זיך מוזן צוריקקערן מיט ליידיקע הענט...

איך וועל שוין דעמאָלט זיצן אויפן שיף, פאַרשטעקט אין מיין זיכערער נאָרע, אָדער נאָך בעסער: די שיף וועט זיך גליטשן אין אָפענעם ים...

אַזויאַרום האָב איך מיך איינגאַנצן באַרויִקט און האָב מיך גענומען פאַר די ערשטע הכנות פון מיין פּלאַן.

לויט מיין חשבון האָב איך באַדאַרפט ליגן אין נאָרע אומלעגאַל אַ וואָסערע פיראונצוואַנציק שעה, און דעריבער האָב איך מיך פריער באַדאַרפט באַזאָרגן מיט עסן. אָבער אַזוי ווי איך האָב קיין פּרוטה נישט פאַרמאָגט ביי מיין לייב און לעבן, האָב איך באַשלאָסן צו פאַרקויפן דאָס קליינע שיפעלע...

פּאַוואָליע (איך האָב איצט אַלץ געטאָן פּאַוואָליע, ווי אַ פּאָרזיכטיקער פאַרשווערער) האָב איך מיך אַרויסגערוקט פון צווישן די קאַסטנס און פעסער און בין לאַנגזאַם אַוועק לענג־אויס מיטן ברעג, זוכנדיק אַ קונה אויף מיין שיפּעלע.

מיין אויג איז געפאַלן אויף אַ געוועלבל פון קינדערשע צאַצקעס. נישט לאַנג געטראַכט, בין איך אַריין אין געוועלבל און באַלד פון האַנט פאַרקויפט מיין צאַצקעלע פאַר אַ שילינג.

אין אַן אַנדער צייט, ווען איך בין נישט אַזוי אָנגע־שטרענגט, וואָלט איך מסתמא באַקומען פאַר מיין שיין שיפעלע נישט ווייניקער פון אַ פינף־זעקס שילינג, אָבער דער ייד, דער באַלעבאָס פון געוועלבל, האָט פאַרשטאַנען פון מיינע אויגן, אַז איך וועל מיך לאָזן אָפּנאַרן און ער האָט מיך אָפּגענאַרט...

אַ שילינג איז אָבער אויך אַ מטבע און איך בין געווען צופרידן דערמיט. אָפּגעזוכט אַ קליין שפּייזקרעמל, האָב איך מיר געקויפט פאַר זעקס פּענס קעז, פאַר זעקס מיט אַ האַלבע פּענע ים־סוכאַרעס און אָנגעשטאָפּט דערמיט מיינע קעשענעס. נאָכדעם בין איך אַוועק צוריק צו מיינע קאַסטנס, וווּ איך בין געזעסן ביז די זון האָט גענומען אונטערגיין.

אַז ס'איז צוגעפאַלן דער אָוונט, האָב איך באַשלאָסן אַרויסצוקריכן פון מיין באַרע און זיך האַלטן נאָענט פון דער שיף: אפשר וועט מיר דאָך געלינגען זיך אַריינצוקריגן אין איר און קיינער וועט מיך נישט באַמערקן...

מיט די הענט פאַרלייגט אַהינטער בין איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש און גענומען שפּאַצירן קעגנאיבער דער „אינקאַ“. נאָכדעם האָב איך מיך פּאַוואָליע צוגערוקט נענטער צום וואַסער און צו דעם הינטערשטן טייל פון דער שיף.

ביי מיר איז געבליבן, אַז אויב איך זאָל מיך טאַקע אַרויפגנבענען אויף דער שיף, באַדאַרף איך עס טאָן דורך דעם

הינטערשטן טייל, ווארים ווייניקער היטנדיקע אויגן זענען דאָ, און דער צוטריט איז בכלל לייכטער.

מען האָט באַדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, און מיין יעדע באַוועגונג האָט נישט געטאָרט לאָזן קיין שום קלאַנג נאָך זיך.

ביי דעם קלענסטן גערויש וועט מען מיך זיכער כאַפּן, און אַז מען וועט מיך כאַפּן, וועט מען מיך שוין נישט אַרויס־זעצן אויפן ברעג, ווייל מען וועט מיך חושד זיין אין גנבה...

אויף דער „אינקאַ" איז געווען טויט־שטיל, פונקט ווי די וואָלט מיטאַמאָל אָפּגעשטאָרבן אונטער די פליגלען פון אָוונט.

אויפן ברעג איז נאָך געלעגן אַ סך פּראַכט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר דער שיף, און דערפון האָב איך גע־דרונגען, אַז די לאָדונג האָט זיך נאָך נישט געענדיקט.

אָבער קיינער האָט נישט געאַרבעט. קיין שום באַוועגונג, קיין שום גערויש.

ווו זענען די מאַטראָזן?

פּאַוואָליע בין איך אַרויף אויפן שיפּבריקל... דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, אין די אויערן האָט געפייפט. אַט די שפּירונג האָב איך שטענדיק געהאַט אין אַן אַנטשיידענער מינוט...

איצט האָב איך ערשט דערהערט ווייטע קולות פון מאַטראָזן. זיי האָבן, קענטיק, געשמועסט ערגעץ אין אַ זייטיקער קאַיוטע.

אין אַ מינוט אַרום האָב איך באַמערקט אַ מענטשן, וואָס האָט געטראָגן אַ טעלער אין האַנט, און פונם טעלער האָט זיך געהייבן אַ שטאַרקע פּאַרע.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס'איז איצט עסנצייט און דעריבער איז שטיל אויף דער שיף.

מיט טריט פון אַ גנב האָב איך מיך לייכט און באַדאַכט אַרויפגעכאַפּט אויף דער „אינקאַ"... קיינער האָט מיך נישט באַ־

מערקט, אָבער אַז איך האָב אָנגעשטרענגט די אויגן, האָב איך געזען אין דער טיפעניש פון דער שיף אַ גרעסערע גרופּע מאַטראָזן מיט מעסער און טעלער אין די הענט.

זיי זענען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער אַכילה, ווי הונגעריקע וועלף און האָבן, קענטיק, פאַרלאָרן אַלע חושים פאַר זייטיקע זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו טעלער און מעסער...

עס איז מיר געווען הייס, ווי אין אַ באָד, אַ שווייס האָט מיר אַרויסגעזעצט אויפן שטערן, אָבער איך האָב מיר געזאָגט: „זיי דרייסט און טו, וואָס דו טוסט!"

און ווי אַ שאָטן האָב איך מיך אַדורכגעשאַרט איבערן שיפדעק און האָב מיך אָפּגעשטעלט ביים מאַסטבוים...

יאָ, קינדער, אַזוי־אַרום האָב איך אויסגעפירט מיין פּלאַן. איך האָב דערגרייכט דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט. איך בין געשטאַנען ביי דער טיר פונם אונטערדעק. די שטיגעלעך, וואָס האָבן געפירט אין אונטערדעק, האָט מען צוגענומען, און אנשטאט זיי איז געהאָנגען אַ גרויסער דיקער שטריק, צוגעפעסטיקט צום בלאָק.

מיט דער הילף פון דעמדאָזיקן שטריק האָט מען אַראָפּ־געלאָזט די פּראָכטן אין אונטערדעק.

מיט די שטילסטע באַוועגונגען האָב איך מיך אָנגענומען פאַרן שטריק און האָב מיך אַראָפּגעגליטשט אין אונטערדעק.

דאָסדאָזיקע שטיקעלע אַרבעט מיינס איז דורכגעפירט גע־וואָרן גלאַט און רויק, איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם...

זיך אַרומגעקוקט ווידער, ווי אַ גנב, האָב איך מיך אויף די שפּיץ פינגער אַדורכגעשמוגלט צווישן קאַסטנס און זעק און נאָכדעם זיך פאַרשטעקט הינטער אַ גרויסן פאַס...

פון גרויס אָנשטרענגונג, פון דעם גאַנצן פיבער, אין וועלכן איך האָב מיך געהאַלטן אַ נאַכט מיט אַ טאָג, פון דער רעיונות־זאַוויערוכע, וואָס האָט זיך מיר געדרייט אין קאָפּ און, מעגלעך, אויך פון הונגער, בין איך שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

עס איז מיר געווען טרוקן אין מויל, הייס אין די שלייפן, דאָס האַרץ האָט גאָרנישט אויפגעהערט צו קלאַפּן.

און דאָך האָט זיך מיר געוואָלט לאַכן, שטיל לאַכן פון פאַרשטיקטער שמחה... ווי עס זאָל נישט זיין און וואָס עס זאָל נישט זיין — דערווייל האָב איך געזיגט. דער נצחון איז אויף מיין זייט...

## מיר שווימען.

אזוי געשיט עס, קענטיק, עפּטער: נאָך אַ גרויסן נצחון ווילט זיך שלאָפן. מען ווערק שלעפעריק...

איך בין איינגעשלאָפן, ווי אַ שטיין, און ווען די גאַנצע וועלט מיט גלאָקן וואָלט זיך צעקלונגען ביי מיין אויער, ווייס איך אויך נישט, צי זיי וואָלטן מיך געקענט אויפרייסן פון שלאָף.

איך האָב געשלאָפן נישט אין שטילקייט, חלילה, נאָר אין גרויס טומל און געפילדער.

מענטשן האָבן געשריען, הינער און העזנער האָבן גע-קוואָקעט, קאַסטנס און זעק זענען, ווי באַלעמס, געשליידערט געוואָרן דורך דער אָפּענער טיר אין אונטערדעק, און איך האָב געשלאָפן, געשלאָפן...

עס האָט אָבער גענומען אַן עק אויך צו מיין שלאָף, און אַז איך האָב מיר געפּרוווט אויסרייבן די אויגן און זיך אַרומ-קוקן, איז מיין ערשטער געדאַנק געווען:

„די נאַכט איז שוין זיכער אַוועק. עס מוז שוין זיין טאָג..."

געשלאָפן האָב איך זייער לאַנג, אָבער צי ס'איז נאַכט, צי ס'איז טאָג האָב איך נישט געקענט וויסן, ווייל אַרום מיר איז געווען שטאָק-פינסטער. און איך דערמאָן מיך, אַז בשעת איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אין אונטערדעק, איז דאָ גאָרנישט געווען אַזוי פינסטער, ווי איצט. פון ערגעץ איז געפאַלן אַ מאָגערער שיין אויף די פּראַכטן.

אלזא, וואָס איז איצט: טאָג, צי נאַכט?

אויבן, איבער מיין קאָפּ האָט געקלאַפּט און גערוישט. די מאַטראָזן האָבן, קענטיק, נישט געשלאָפן.

איך האָב געהערט ווי עס פאַלן שווערע פּעק און פאַר־שטיקטע ווערטער זענען דערפלויגן צו מיר:

„הייב אַרויף! הייב אַרויף!"

דידאָזיקע ווערטער זענען געווען פאַרשטענדלעכע פאַר מיר, אַ יינגל, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט ביים ים.

דאָס האָט געהייסן, אַז די שיף מאַכט אירע לעצטע הכנות פאַר דער נסיעה...

„דער עולם אַרבעט, קענטיק, גאַנץ געשמאַק, — האָב איך געטראַכט, — מען הייבט אויף די זעגלען, ווייל דער ווינט איז אַ גינסטיקער. פאַר מיר איז עס, נאַטירלעך, ווי געווונטשן; וואָס פריער די שיף גייט אַוועק, אַלץ פריער וועל איך מיך באַפרייען פון מיין תפיסה און וועל אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט..."

געשלאָפן האָב איך אַפילו אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע, אָבער איך האָב מיך געפילט גענוג אויפגעמונטערט, און אָפּ־געפרישט, און האָב געוואָלט עסן...

איך האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ אַפּעטיט נישט געהאַט

אַרויסגענומען פון די קעשענעס מיין וועג־פּראָוויאַנט, האָב איך מיך גאָר נישקשה אָנגעפּאַקט מיט ים־סוכאַרעס און מיטן קעז, וואָס האָט מיר זייער גוט געשמעקט.

מיין שטימונג האָט זיך כּסדר געבעסערט, און איך וואָלט מיט פאַרגעניגן געכאַפּט אַ טענצל, ווען דאָ וואָלט נישט געווען אַזוי אָנגעשטעלט און אָנגעוואָרפן און ווען מען וואָלט עס געמעגט...

איבער מיין קאָפּ האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט און געדונערט: אַ פאַלן פון שווערע קאַסטנס, אַ טופּעריי פון פיס, אַ קלינגען פון אייזערנע שטריק...

„די מאַטראָזן אַרבעטן, איך בין זיי מקנא...“ — איז מיר אַדורכגעלאָפן אַ מחשבה.

פּלוצלונג איז מיטאַמאָל אַלץ שטיל געוואָרן, פּונקט ווי די מענטשן מיט זייער אַרבעט וואָלטן דורך איין באַוועגונג אַראָפּ־געווישט געוואָרן פון דער שיף.

„מסתמא האָבן די מאַטראָזן געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, און איצט, פאַרטאָג, זענען זיי אַוועק שלאָפן, אויסגעהאָרעוועטע און אויסגעמאַטערטע...“ — איז מיר ווידעראַמאָל דורכגעלאָפן אַ געדאַנק.

אַ מאָדנע זאַך: די אויגן האָבן זיך מיר געקלעפּט און מיט דער לייכטקייט פון אַ זייגקינד האָב איך פונדאָסניי איינגעשלאָפן...

איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך האָב געשלאָפן: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב נאָר וואָס צוגעמאַכט די אויגן. אָבער אויבן האָט ווידער שטאַרק געקלאַפּט און גערודערט. די מאַטראָזן האָבן געאַרבעט.

„וואָס איז שוין ווידער? — האָב איך מיך געפרעגט. — די מאַטראָזן שלאָפן דאָך גאָרנישט... ערשט נישט לאַנג גע־אַרבעט און אָט פאַרצעוועט מען שוין ווייטער... אפשר טוישן

זיי זיך? אַ טייל אַרבעט און אַ טייל שלאָפּט? יאָ, אַזוי מוז עס זיין..."

דידאַקטיקע השערה האָט מיך באַרויקט. איך האָב אַפילו געוואָלט נאָכאַמאָל איינשלאָפן, אָבער איך האָב שוין נישט גע-קענט, און, נישטווילנדיק, האָב איך מיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דאָרט, אויבן, קומט פאָר.

די נאַכט האָט מיר אויסגעוויזן משונה לאַנג. עס ציט זיך אַ נאַכט אָן אַן אויפהער, אָן אַ סוף. וועט שוין גאָר קיינמאָל נישט טאָגן?

אַ טשיקאַווע זאַך, מענטשן אַרבעטן די גאַנצע נאַכט אויף דער שיף... נו, און בייטאָג וועלן זיי ווידער אַרבעטן?

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך מיר געזאָגט:

„דו ביזט אַ צו האַסטיקער, אַ משוגענער, אַן אומגע-דולדיקער... אַז עס לויפט איבער אַ מינוט, מיינסטו, אַז אַ שעה איז איבערגעלאָפן... אַ מינוט — אַ שעה. ווען דו וואָלסט אָבער געווען אַ רויקער, אַ געלאַסענער יונג, וואָלסטו דאָך פאַרשטאַנען, אַז דו ליגסט דאָ אינגאַנצן אַ וואָסערע פינף שעה אין אונ-טערדעק..."

די רעיונות מיינע זענען זיך געגאַנגען זייער וועג, עפּטער האָב איך געשמועסט מיט זיך, אָבער אינמיטן דעם אַלעם האָט זיך מיר ווידער פאַרוואָלט עסן...

דער אַפּעטיט האָט מיך געררייצט מיט דער גרעסטער אכזריות. אין דמיון האָב איך געזען געבראָטנס, פיש, ווייסע חלה...

פאַר איין ברירה האָב איך מיך אַרויסגעוואָרפן, ווי אַ חיה, אויף מיינע ים-טוכאַרעס...

אויבן איז ווידעראַמאָל שטיל געוואָרן. די שטילקייט האָט מיך איינגעוויגט און איך האָב איינגעדרעמלט...

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין אויבן שטאַרק געראַשט, אָבער דערדאָזיקער גערויש איז באַשטאַנען גאָר פון אַנדערע קלאַנגען. איך האָב געהערט דאָס קלאַפּן פון קייטן און דאָס רוישן פון וואַסער...

אַפילו אין מיין וויטן פינסטערן אונטערדעק האָב איך פאַרשטאַנען, ווי אַ פּראַקטישער ים־יינגל, אַז דאָס מוז מען אויפהייבן דעם אַנקער. און הייבט מען אויף דעם אַנקער, הייסט עס, אַז מען לאָזט זיך אין וועג אַריין!...

אינדערפינסטער, צווישן די קאַסטנס און צווישן די קוואַ־קעדיקע עופות בין איך געזעסן אַ דערפרייטער, אַ גליקלעכער: פאַרן מיך דאָך טאַקע?... יאָ, אויב, אַזוי, איז דאָס די לעצטע און שטאַרקסטע באַשטעטיקונג, אַז מיין פּלאַן האָט זיך איינ־געגעבן. איך האָב אויסגעפירט, וואָס איך האָב געוואָלט.

פאַר מיר איז אָבער נאָך געווען צופרי זיך צו לעגאַ־ליזירן. איך באַדאַרף זיך נאָך האַלטן שטיל און שטום, אַז מען זאָל מיך נישט פּאַקן פאַר דער צייט. קוים איז די „אינקאַ" נישט אַרויס אין אָפענעם ים, דאַרף איך זיצן און שטומען...

קיין שום פרייד־געשריי, קיין שום רוישיקע באַוועגונג. איך דאַרף זיצן אָן לשון, ווי דער קאַסטן, ווי די פּאַס, ווי די גרויסע שווערע זעק...

אָבער קיינער קען דאָך מיר נישט פאַרווערן זיך צו פרייען, ווי אַ שטומער. מעג דאָך מיר דאָס האַרץ שפּרינגען פון שמחה, ווארים די שמחה פון אַ האַרץ הערט דאָך קיינער נישט...

און איך האָב געהערט, ווי עס קלינגען די שווערע קייטן, ווי דער אַנקער באַוועגט דאָס וואַסער.

און אָט וויגט זיך דער אונטערדעק, אַ באַקאַנט פּאַטשן פון כוואַליעס דערגרייכט צו מיין אויער, די טרוקענע ביינער פון דער שיף הייבן אָן צו סקריפּען.

די שיף גייט, מיר שווימען!

איך האָב מיך אויפגעהייבן אינדערפינסטער און זיך הויך צולאַכט. מיט וועמען כאַפּט מען איצט אַ טענצל? מיט אַ קאַסטן? מיט אַ זאַק? אָדער אפשר גאָר מיט אַ הון, וואָס קוואָקעט דאָרט ערגעץ איבער מיין קאָפּ?

אַך, אַ טענצל, אַ טענצל פון שמחה, פון גליק, פון אַ דערגרייכטן אידעאַל...

איך האָב געזוכט אין זכרון אַ מענטשן, אַ געשטאַלט, וועמען איך זאָל קענען דאַנקבאַר זיין פאַר דערדאָזיקער גוטער מינוט, פאַר דעמדאָזיקן נצחון, ווער עס האָט מיר מיטגעהאָלפן אין מיין דאָזיקער אונטערנעמונג.

איך האָב אָבער קיין איין מענטשן, קיין איין געשטאַלט נישט געפונען. אויב איך האָב עמעצן צו פאַרדאַנקען פאַר מיין איצטיקער נסיעה, איז עס בלויז מיר אַליין — מיר, מיין געווירשנטער דרייסטקייט און מיינע אונטערנעמערישע פעיקייטן...

איך האָב צו פאַרדאַנקען מיין טייערן פאָטער, מיין האַרציקע מוטער...

## די ים־קראַנקהייט.

די שיף רוישט און וויגט זיך, די כוואַליעס פּאַטשן אירע זייטן, איך שפּיר איר גאַנג, איר דרייסטן גאַנג אין ים.

איין זאַך איז מיר אַפילו שטאַרק פאַרדעכטיק: למאי האָט זי אויפגעהייבן דעם אַנקער אינמיטן נאַכט?

ווען און ווו גייט עס אָפּ אַ שיף אינמיטן נאַכט? דערויף האָב איך מיר געענטפערט, אַז דער לאָצמאַן איז אפשר אַזוי גוט באַקאַנט מיטן האַפן, אַז ער ווייס אַלע זיינע שוואַכע ערטער און קען זיי אויסמיידן אַפילו אינדערפינסטער.

נאָכדעם איז מיר ווידער איינגעפאַלן, למאי ציט זיך אַזוי לאַנג די נאַכט? למאי איז נאָך פינסטער? פאַרוואָס האָט פלוצלונג פאַרשטרייקט דער טאָג?

איך האָב שוין אַפילו געטראַכט, אַז איך האָב געמוזט שלאָפן אַ נאַכט מיט אַ טאָג און זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין אָוונט... אַזויאַרום בין איך מיך טועה און נעם אָן צוויי נעכט פאַר איינע...

דערדאָזיקער חשבון האָט זיך מיר געלייגט אויף די רעיונות. סוף־כל־סוף האָב איך דאָך נישט געקענט ביי זיך פועלן, אַז אויף דער וועלט זאָל שוין מער גאָר קיין טאָג נישט זיין, און דעריבער מסתמא שטאַמט דער טעות פון מיר און נישט פון דער צייט...

אַ דרעמל האָט מיר ווידער געטאַפּט די אויגן...

איך האָב מיך געלאָזט איינשלעפערן, און בעת מעשה געטראַכט, אַז דאָס שלאָף איך מסתמא צום לעצטן מאָל אין דעמדאָזיקן אונטערדעק, און שפּעטער, אַז איך וועל מיך אויפהייבן, וועל איך מיך קענען לעגאַליזירן, אַרויסגיין אויף דער ליכטיקער וועלט און אָנהייבן אַ פרייליך באַוועגלעך לעבן אויף דער „אינקאַ"...

די ליכטיקע וועלט האָט מיך באַזונדערס געצויגן און געמאַניעט צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, בין איך געווען שרעקלעך דורשטיק. נערנדיק זיך מיט ים־סוכאַרעס און געזאַלצענעם קעז, האָב איך די גאַנצע צייט נישט געטרונקען, און איצט בין איך פּשוט אויסגעגאַנגען פאַר דורשט. דער דורשט איז מיר געזעסן אין די ביינער, אין די בלוטן, אין הארץ, און האָט מיך שרעקלעך געפּייניקט.

צווייטנס, האָט מיר דאָס זיצן אַן איינגעשפּאַרטער, אַן איינגעקוועטשטער צווישן פעסער און קאַסטנס פאַרשאַפט גרויסע יסורים. איך האָב מיך נישט געקענט באַוועגן. הענט און פיס האָבן מיר צעפגעהלשט און כסדר געגנאָגט, ווי צאָנווייטיק.

אויב איך האָב ביז אַהער געדולדיק געשוויגן, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב מיך געשראָקן פאַר דער שיף־קאָמאַנדע, פאַרן קאַפּיטאַן...

מיט איין געשריי וואָלט איך מיך אפשר אומגליקלעך געמאַכט אויפן גאַנצן לעבן. איך האָב עס גוט פאַרשטאַנען און

האָב מיך דעריבער געסטאַרעט צו זיין געדולדיק און שטיל און איבערגעטראָגן מיינע ליידן, ווי אַ צדיק...

אָבער מיין געדולט האָט שוין אָנגעהייבן צו פּלאַצן...

די כּוחות האָבן מיר גענומען אָפּפאַלן.

איך האָב אָבער באַשלאָסן, נישט געקוקט אויף מיינע יסורים, נאָך אָפּצעוואַרטן אַ ביסל מיט מיין לעגאַליזירן זיך. איך בין נאָך נישט געווען גענוג זיכער מיט דער שיף.

לויט מיינע ידיעות, גייט קיין שום שיף נישט אַרויס פון האַפן אָן אַ לאַצמאַן, און אויב מען זאָל מיך פּאַקן פריער, איידער ער פאַרלאָזט די שיף, וועט מען מיך זיכער אַראָפּזעצן צוזאַמען מיט אים אין זיין שיפל, און אַזוי אַרום וועט זיך אויסלאָזן אַ באַרג אַש פון אַלע מיינע אָנשטרענגונגען און פון מיין גאַנצער אונטערנעמונג.

איך האָב בשום אופן נישט געטאָרט דערלאָזן דערצו און האָב דורכאויס באַדאַרפט גובר זיין מיינע ווייטיקן...

די שיף איז דערווייל געגאַנגען איר וועג, און איך האָב מיר משער געווען, אַז זי איז נאָך אַלץ נישט אַרויס אין אָפענעם ים. איר נאָז מוז נאָך אַוודאי שניידן די וואַסערן פון ים-אויסגוס, און ביזן אָפענעם ים מוז איך זיין פאַרבאָרגן פון יעדערנס אויג...

אַדורכגעדרעמלט זיך אַ ביסל, משמעות פון אָפּגעשוואַכקייט, האָב איך גענומען אָנשטרענגען מיין געהער: איך האָב געוואָלט וויסן, ווי האַלט עס איצט מיט דער שיף.

לויטן גאַנג האָט זי שוין באַדאַרפט זיין אין אָפענעם ים...

זי האָט זיך שטאַרק אַרומגעוויגט, די כוואַליעס האָבן זי געטרייסלט און געהייבן אַרויף און אַראָפּ, און אירע ווענט האָבן עפּעס אָפּגעקרעכצט.

עס האָט זיך שוין געשפּירט אַפילו דאָ, אין אונטערדעק, די גדלות פון ים, זיין מאַכט און זיין שווערער אָטעם.

„דער לאָצמאַן וועט מסתמא באַלד פאַרלאָזן די שיף, — האָב איך געטראַכט, — און איך וועל קענען אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט. לאָמיר נאָר האָבן נאָך אַ ביסעלע, נאָך אַ קאַפּעטשקע געדולט...״

עס וועט, נאַטירלעך, זיין פּוסטע באַרימעריי און נאַרישע גאווה, ווען איך וועל אייך, קינדער, זאָגן, אַז דער מאָמענט, ווען איך וועל אַרויסשטעקן דעם קאָפּ פונם שוואַרצן אונטער־דעק און אויף מיר וועלן פאַלן די אויגן פון דער שיף־קאָמאַנדע, זאָל מיך שוין פאָרויס נישט שרעקן. דאָס איז געווען אַ געגנוג היכער באַריער פאַר מיר, וועלכן איך האָב באַדאַרפט איבער־שפּרינגען מיט פאַרביסענע ציין...

נישט ווילנדיק, האָב איך מיך דערמאָנט אינם בייזן שטייפן פּנים פון קאַפּיטאַנס געהילף, אין די אויערן האָט מיר אָפּגעקלונגען דער חוזק פון די מאַטראָזן...

מען האָט זיך באַדאַרפט גרייטן צו דעם אַלעם און בשום אופן נישט פאָרשטעלן די זאַך לייכטער, ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט.

פאַר אַלץ האָב איך אָבער געהאַט איין ענטפער און איין מיטל: מוט... וואָס עס זאָל נישט געשען מיט מיר: מיט אַ דרייסט האַרץ וועל איך אַדורכגיין דורך פייער און וואַסער, און קעגן יענעם מאָמענט באַדאַרף איך אויך אָנווענדן דאָס־דאָזיקע מיטל.

איך מוז גובר זיין יעדע שרעק אין זיך.

דער פּחד איז אָבער אַ געפיל־זאַך, און ער קומט, ווען מען בעט אים נישט, ווען מען טרייבט אים מיט שטעקנס פון האַרץ...

ניין, קינדער, טיילמאָל בין איך נאָך גאָרנישט געווען זיכער מיט מיין אויסגעפירטער אונטערנעמונג..

טײלמאָל האָב איך געהאַט ביטערע טריבע רעיונות, װאָס האָבן מיר געפרעסן דאָס לײב, װי שװאַרצע װערעם.

דידאָזיקע רעיונות האָבן מיר אונטערגעזאָגט, אַז מײן לעגאַליזירן זיך קען זיך אַמאָל ענדיקן גאַנץ מיאוס, אַפילו װען די שיף װעט זיך גליטשן איבערן אָפענעם ים...

„פונװאַנען נעמט זיך דײן זיכערקײט אין קאַפּיטאַן, אין זײן געהילף, איך בעט דיך? – האָב איך פײנלעך געטראַכט. – און װאָס װעסטו טאָן, אַ שטײגער, אַז דער קאַפּיטאַן װעט הײסן, מען זאָל דיר אַראָפּלאָזן די הײזלעך און מען זאָל דיר אַרײנ־שיטן אַ װאַסערע פּופּציק הײסע שמיץ פאַר דער גאַנצער קאָ־מאַנדע אין די אויגן?... און װאָס װעסטו טאָן, אַ שטײגער, װען ער װעט הײסן, מען זאָל דיך האַלטן פאַרשפאַרט, אַלס שטראָף, אין אונטערדעק, די גאַנצע זעקס חדשים, װאָס די נסיעה קײן פּערו דאַרף געדױערן? און װאָס װעסטו טאָן, אַ שטײגער, װען ער װעט דיך אַרײנװאַרפן... אַרײנװאַרפן אין ים?“

אַ קאַלטער שוידער האָט מיך אַ צופּ געטאָן בײם רוקן, אָבער איך האָב מיך געשטאַרקט און געטריבן דידאָזיקע שװאַרצע רעיונות פון זיך, װי מײנע גרעסטע פײנט. איך האָב זײ גע־טריבן מיט עקל, מיט האַס, מיט גרויל... און אַמאָל זענען זײ אַנטרונען געװאָרן און זיך נישט געװיזן אַ לענגערע צײט און אַמל, װידער, זענען זײ באַלד צוריקגעקומען...

דערװײל האָט מיר אָנגעהײבן שװינדלען דער קאָפּ, אין מאָגן האָט געדרײט, אין האַרץ האָט געדריקט, און עס האָט זיך געװאָלט אויסברעכן...

דערצו איז נאָך געװען אַ פאַרשטיקטע לופט אין אונטער־דעק. בײ מיר איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי אַ מענטש מיט נאָרמאַלע חושים און אַ רויקן געמיט װאָלט דאָרט געקענט אויסהאַלטן אַ טאָג צײט?

די פאַרשטיקטע לופט, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט פאַרשידענע שווערע ריחות פון די אָנגעפאַקטע פראַכטן, איז מיר רוי געפאַלן אויפן האַרץ, אויף די לונגען...

מיר איז נישט גוט געוואָרן. איך האָב מיך געבייטיקט אין פרישן וואַסער, אין לופט, אין ליכט.

אָך, וואַסער, לופט און ליכט – די דאָזיקע דריי הויפּט־יסודות, אויף וועלכע עס האַלט זיך די וועלט!

און פון מינוט צו מינוט איז מיר ערגער געוואָרן. איך האָב פאַרלאָרן די כוחות, איך האָב געפילט, אַז איך פאַל אַנידער, איך שטאַרב.

אמת, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין איצטיקער צושטאַנד איז אַ פועל־יוצא פון דער ים־קראַנקהייט, וואָס איז בעצם נישט אַזוי געפערלעך, אָבער דערפון איז מיר נישט לייכטער געוואָרן. די ים־קראַנקהייט אין אונטערדעק איז נישט דאָס, וואָס אויפן שיפדעק. אויפן שיפדעק איז פאַראַן וואַסער, לופט און ליכט און דאָרט קען מען זי אויסהאַלטן, אָבער דאָ, אין אונטערדעק, מוז זי זיך אומבאַדינגט ענדיקן זייער שלעכט: איך קען דאָ פשוט אַוועקשטאַרבן אינדערפינסטער, ווי אַ הונט...

איצט האָב איך שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אין לאָצמאַן מיט די אַלע פאַרזיכטס־מיטלען, אין וועלכע איך האָב מיך באַדאַרפט האַלטן.

עס איז מיר געווען נישט גוט ביז צום ברעכן, און איך האָב מיך געמוזט ראַטעווען. איך האָב מיך געבייטיקט אין לופט, אין ליכט...

מיט די לעצטע כוחות האָב איך מיך אויפגעהייבן, און, טאַפנדיק מיט אויסגעשפּרייטע הענט אינדערפינסטער, האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט צו דער טיר פון אונטערדעק.

דאָרט, אויף דעם אָרט, ווו עס האָט, לויט מיין השערה, באַדאַרפט זיין די טיר, האָב איך אַרויפגעקלעטערט אויף קאַסטנס און אויף פעסער און אויפגעהייבן די הענט...

אַ גרויסער קאַסטן האָט אינגאַנצן פאַרשטעלט דעם איינגאַנג!

איך האָב אָבער בשום אופן נישט געקענט גלויבן דערין, און האָב נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפגעהייבן די האַנט צו דער טיר: מיין אַרבעט איז געווען אַ בחינמדיקע.

דער קאַסטן האָט אַזוי פאַרשטעלט דעם איינגאַנג, אַז דורך דעם שטיקל שפּאַרע, וואָס איך האָב אויסגעפונען, האָט מען קוים געקענט אַדורכשטופּן דעם פינגער...

דערזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן אומגליק, האָב איך מיך מיט אַלע כּוחות איינגעשפּאַרט מיטן אַקסל אין קאַסטן און געפּרוווט אים אַוועקצושטייסן פון אָרט, אָבער ער איז גע־שטאַנען פעסט, ווי אַ באַרג, און האָט מיך געהערט, ווי דעם קאַטער...

פון שרעק און עגמת־נפש האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט די פיס, ווי אַ געליימטער בין איך געבליבן שטיין אינדערפינסטער...

איין זאַך איז פאַר מיר געווען גענוג קלאָר אַפילו אין דעמדאָזיקן צושטאַנד: מיין לעבן איז אין גרויס געפאַר!...

מען האָט געמוזט צוטראַכטן עפּעס אַ מיטל, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען. איך טאָר נישט צעגערן, נישט פאַרנאַכלעסיקן קיין איין איבעריקע מינוט.

אָבער איך בין געווען שרעקלעך אָפּגעשוואַכט, דערשלאָגן, מיט אונטערגעהאַקטע פיס און איך האָב מיך קוים דערשלעפּט אינדערפינסטער צו מיין ווינקל און בין אַנידערגעפאַלן.

## לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

ליבע קינדער, ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די נאַכט האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי לאַנג, פאַרוואָס דער טאָג האָט פאַרשטרייקט...

איך האָב קיין ליכט נישט געזען!

די גאַנצע צייט בין איך געזעסן אינדערפינסטער און האָב מיך דעריבער נישט געקענט אָריענטירן.

די מאַטראָזן האָבן געאַרבעט בייטאָג, און איך האָב אינדערפינסטער געמיינט, אַז ס'איז נאַכט...

יאָ, איצט האָב איך אַלץ פאַרשטאַנען. איך האָב פאַרשטאַנען מיין ווילדן הונגער, וואָס איז מיר פון צייט צו צייט באַפאַלן אין „דער איינאיינציקער" נאַכט און איך האָב פאַרשטאַנען מיין דורשט, וואָס האָט מיך אַזוי געפּייניקט...

גאַנצע טעג און נעכט האָב איך אָנגענומען פאַר איין נאַכט!...

איך האָב געהאַט אַ טעות אין דער צייט-פאַרטיילונג, דאָס הייסט איך האָב זי אינגאַנצן נישט פאַרטיילט.

ערשט איצט האָב איך אויך פאַרשטאַנען, אַז דאָרט, אויבן, איבער מיין קאָפּ, האָט זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אַ געוויסע סיסטעמאַטישע אָרדענונג צווישן שטילקייט און גערויש: די שטילקייט איז געווען ג אַ כ ט, דער גערויש — טאָג...

זיי האָבן רעגלמעסיק געטוישט איינע די אַנדערע.

איך האָב אויסגעציילט לויטן זכרון די שטילקייט און אויסגעציילט דעם גערויש, און בין געקומען צו דעם אויספיר, אַז איך ליג שוין דאָ לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין מיין קבר נישט ווייניקער פון דריי טעג מיט דריי נעכט...

און ווען עס ווערט מיר נישט אַזוי שלעכט, אַז איך האָב געמוזט לויפן זיך איינשאַפּן לופט און ליכט, וואָלט איך מסתמא נאָך אַלץ געלעבט אין טעות און וואָלט די גאַנצע צייט פאַררעכנט פאַר איין נאַכט.

איין נאַכט!

אָדער מען דאַרף זיין משוגע, אָדער מען דאַרף זיין אַ קינד — אויב מען האָט אַזאַ שוואַכע פאָרשטעלונג וועגן דער צייט, אויב מען שפירט אַזוי שוואַך איר גאַנג.

איך בין מסתמא געווען ביידע זאַכן...

וואָס פאָרט טוט מען איצט? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך?

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז קיין אַנדער מיטל איז נישטאָ, ווי סיידן נעמען שרייען הויך אויפן קול. דאָס איינציקע, וואָס קען מיך פאַרבינדן מיט די לייט פון שיפדעק, זענען מיינע קולות.

מען דאַרף שרייען אַזוי, אַז מען זאָל דאָרט דערהערן...

און נאָכמער: מען דאַרף שרייען און קלאַפּן. קלאַפּן אין די פעסער, אין די קאַסטנס. אַזויאַרום וועל איך זיי אויבן געבן צו וויסן, אַז אונטן ראַנגלט זיך אַ נשמה אינדערפינסטער, ראַנגלט זיך מיט די לעצטע כוחות פאַר אַ ביסל לופט, ליכט און וואַסער...

אָ, קינדער, איך בין דעמאָלט געווען אַזוי נאַיוו, אַז מיר איז צומאָל נישט איינגעפאַלן, אַז „איך קען שרייען פון היינט ביז מאָרגן" און — אַ נעכטיקער טאָג... מען וועט מיך נישט דערהערן. איך וועל שרייען און קלאַפּן בלויז צו דער וואַנט.

איך האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס לאָך, וואָס פירט אין אונטערדעק, דאָס הייסט דער איינגאַנג, דורך וועלכן איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אין מיין פאַרשטיקטן קבר, איז פון אויבן פאַרלייגט מיט אַ דיקן ברעט און באַצויגן מיט אַ האַרטן ברע־זענט, אַזוי, אַז קיין שום גערויש פון אונטן האָט נישט געקענט דערגרייכן צו דער שיפסקאָמאַנדע.

חוצדעם, האָט דאָ אויך געהאַט אַ יד די שיף מיט איר מאַשין, דער ים מיט זיינע כוואַליעס, די ווינטן מיט זייער פייפן און די מאַטראָזן מיט זייערע מיילער. יעדן זייטיקן קלאַנג, יעדן גערויש און יעדן געשריי האָבן זיי פאַרשטיקט און פאַרגראָבן אונטער זיך, ווי אין אַ תהום...

עס זענען געווען אויף דער „אינקאַ" גענוג קולות און געוואַלדן אויך אָן מיר.

איך בין אָבער געווען נאַיוו, נישט פּראַקטיש, יונג, קינדיש. איך האָב געזוכט אַ רעטונג, אַן אויסוועג, און דעמ־דאָזיקן אויסוועג האָב איך געפונען אין שרייען און קלאַפּן אין דעם טויטן אונטערדעק...

באַלד ווי איך בין נאָר עטוואָס געקומען צו זיך, האָב איך מיך גענומען פאַר דער אַרבעט...

איך האָב געשריען מיט די לעצטע כוחות, ביז הייזע־ריקייט און געקלאַפּט אין אַלע פעסער און קאַסטנס.

איך האָב אָנגעפילט דאָס פינסטערניש מיט מאַוימדיקע קלאַנגען... פייערדיקע רעדער האָבן זיך מיר געדרייט פאַר די

אויגן, די האָר האָבן מיר זיך קאַלט־שווייסיק אויפגעהייבן אויפן קאָפּ, איך האָב געשריען ביז משוגעת און געקלאַפּט ביז משוגעת, אָבער קיינער האָט מיך נישט געהערט...

קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע אַרבעט מיינע איז אַרויסגעוואָרפן און אַז מיין מיטל איז קיין מיטל נישט...

עס איז מיר שווער אייך איבערצוגעבן, וואָס פאַר אַ שוואַרצע געדאַנקען עס האָבן פאַרטרונקען מיין מידן מוח, מיט וואָס פאַר אַ ווייטיק עס האָט דעמאָלט געצאַפּלט מיין אָרעם הערצל.

דערדאָזיקער שוואַרצער קבר, וואָס איז געלעגן אַ פאַר־האַקטער און אַ פאַרקלאַפּטער אונטער די פיס פון דער שיף־קאָמפּאַניע, האָט מיר אויסגעזען טויזנט מאָל ערגער און טויזנט מאָל געפערלעכער, ווי די נאַכט מיטן אינדזעלע...

דאָרט האָב איך, לפחות, געהאַט אַ ברייט פּלאַץ פאַר מיין אונטערנעמערישקייט. גוטע מיטלען, שלעכטע מיטלען, אָבער דאָרט האָב איך דאָך געקענט עפּעס טאָן פאַר מיין רעטונג. נו, און דאָרט האָב איך אויך געהאַט דעם דראָנג, דעמדאָזיקן שטומען חבר מיינעם, וואָס האָט מיר אַזוי געהאָלפן אין יענער אומפאַרגעסלעכער נאַכט.

וואָס האָב איך אָבער דאָ? גאָרנישט מיט גאָרנישט. דאָ איז אַ קבר, אַן אמתער קבר, און וואָס קען מען אויפטאָן אין אַ קבר?

די גאַנצע אונטערנעמערישקייט ווערט אָנמעכטיק, די ענערגיע לעשט זיך אויס...

פונדעסטוועגן האָב איך ווייטער געשריען...

געשריען און געקלאַפּט, געקלאַפּט און געשריען. איך האָב געבעטן מיט תחנונים און געוויינט און געיאָמערט און גערופן

און אויסגעצויגן אינדערפינסטער די הענט צו דער שיפקאָמאַנדע, וואָס האָט מיר אין פרייליכן ליכט ארומגעטאַנצט אין דמיון, אָבער קיינער האָט מיך נישט געהערט.

אונטן איז געווען טויט שטיל, פון די זייטן האָט גערוישט דער ים און אויבן האָט געקלאַפּט די מאַשין...

קיינער האָט מיך נישט געהערט.

מיט אונטערגעהאַקטע פיס בין איך אַנידערגעפאַלן אויף די האַרטע ברעטער פון אונטערדעק. עס איז מיר געווען הייס און דושנע און שלעכט און עס האָט מיך געקערט צום ברעכן...

איך האָב צוגעמאַכט די אויגן און געבליבן ליגן אָן באַוועגונג.

דאָך האָב איך דאָס באַוווסטזיין נישט פאַרלאָרן. מיר האָט זיך בלויז געדאַכט, אַז איך שטאַרב, און איך בין געווען צופרידן מיט דעמדאָזיקן אויסגאַנג.

איך האָב נאָר געבעטן גאָט, אַז דער טויט זאָל דאָסמאָל נישט גיין מיט שטילע פּאַוואָליעדיקע טריט, ווי צום רייצן זיך, נאָר ער זאָל קומען שנעל, באַלד, מיטאַמאָל, ווי אַ דערלייזער, און איך זאָל מער נישט זען דעמדאָזיקן אונטערדעק...

איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן. איך האָב מיך גאָרנישט געוואָלט אויפהייבן. צו וואָס? נאָך וואָס? אַלץ איז אין מיר אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן, פאַרשטומט געוואָרן. ס'איז מיר געווען אַלצאיינס. עפּעס אַ צושטאַנד פון חלשות האָט מיך אַרומ־געכאַפּט, אַזאַ חלשות, אין וועלכער איך האָב געקענט גלייכ־גילטיק טראַכטן...

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך אָבער די כוחות גע־נומען אויפזאַמלען צוריק, די חלשותדיקע גלייכגילטיקייט האָט נאָכגעלאָזט.

און עס איז אַ חרפה צו זאָגן: איך האָב געוואָלט עסן...

די ים־קראַנקהייט האָט אין זיך די אייגנשאַפט, וואָס זי האַלט אונטער דעם אַפּעטיט.

דער מענטש לײַדט גרויסע יסורים און וויל דאָך עסן.

מיך האָט אָן אויפהער געפּייניקט דער דורשט, און פאַר אַ טראָפּן וואַסער וואָלט איך זיכער אָפּגעגעבן אַ האַלב לעבן.

הונגער און דורשט אין אַ צושטאַנד פון משוגעת און טויט, אויפן לעצטן דעק פון אַ שיף, וואָס איז מיר פרעמד, אומבאַקאַנט און וואָס איך שרעק מיך פאַר איר קאָמאַנדע...

ביי מיר איז נאָך פאַרליבן אַ פּאָר שטיקלעך סוכאַרעס, האָב איך זיי גענומען רייבן מיט די ציין...

דערפון האָט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקט דער דורשט. איך האָב געשפּירט אמתע גיהנום־יסורים, כאָטש קריך אויף די ווענט און שריי גוואַלד, כאָטש רייס זיך די האָר אויפן קאָפּ!...

און אָט הער איך ווידער אָפּגעשוואַכט און עס קלאַפּט מיר שוין אַ צאָן אָן אַ צאָן. מיר איז קאַלט, מיך טרייסלט, מיך נעמט דורך אַ פראָסט. איך מוז האָבן היץ. איך בין קראַנק, מסתמא געפערלעך קראַנק...

ווו נעמט מען אַ דאָקטאָר? ווו נעמט מען הילף? ווו נעמט מען אַ מאַמען? ווו נעמט מען ליכט און לופט?...

און מיט אַ שטיקל האַרטן סוכאַר צווישן די ציין בין איך איינגעשלאָפן ווי אַ דערהרגעטער...

דאָס שלאָפן איז פאַר מיר געווען די אייבציקע טרייסט.

## יסורים פון דורשט.

איך האָב געשלאָפן מיט קאָשמאַרן, מיט ווילדע חלומות, מיט שדים...

עמעץ האָט מיך געשטיקט און געוואָרגן, עמעץ האָט מיך אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים און געצויגן ביי די פיס...

עס איז געווען אַ הייסער טאָג, די זון האָט געשיינט, אַ קלאָרער טייך מיט אַזויפיל וואַסער האָט געקילט זיינע קליינינקע וועלכעלעך אינם גאָלדענעם ליכט פון טאָג. אָבער עמעץ שטיקט מיך און פאַרשטאָפּט מיר אַזויפיל יסורים, אַז איך קען דעם אָטעם נישט אָפּציען.

און פאַרוואָס איז מיר אַזוי שלעכט?

איך זע די זון און דעם בלויען הימל און אַ טייך מיט אַזויפיל קילן וואַסער און דאָך איז מיר אַזוי שלעכט, אַז איך שטאַרב אַוועק פון יסורים.

עמעץ שטיקט מיך... אַך, עמעץ שטיקט מיך און לאָזט מיך נישט אָפּ.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און געעפנט די אויגן אינדער־פינסטער.

ווּ בין איך? ווּ איז דער טייך? ווּ איז די זון? ווּ איז דאָס ליכט פון טאָג? אָך, דאָס אַלץ איז נישטאָ, נאָר עס איז דאָ דער, וואָס שטיקט מיך – דער שוואַרצער אונטערדעק...

איך געדענק, אַז איך האָב מיך דעמאָלט זייער ביטער צעוויינט.

און געוויינט האָב איך בלויז צוליב דעם דורשט! ער האָט מיר פּאַוואָליע, אינקוויזיטאָריש, מינוט נאָך מינוט, רגע נאָך רגע אַרויסגעצויגן דעם קליי פון די ביינער, דעם כּוח פון האַרצן, דעם זאַפט פון די אָדערן. ער האָט מיר געשטאָכן מיט שפּילקעס מיין לייב, מיין מוח, מיינע נאַקעטע נערוון.

ער איז געלעגן אויף מיר, ווי אַ האַרטע מאַסע און האָט מיך געשטיקט, געוואָרגן ביים האַלדז, ביי דער ברוסט.

וואָס טו איך מיטן דורשט? ווּ געפינט מען אַ תּרופה צו אים?

אָבער אַזוי ווי איך האָב קיין שום תּרופה נישט געהאַט צו אים, האָב איך געוויינט, און די נאַסקייט פון די טרערן אויף די באַקן (פאַרט וואַסער!) האָט מיר עטוואָס געלינדערט די יסורים.

איך האָב געוואָלט טרינקען די טרערן...

זיך גוט אויסגעוויינט, האָב איך ווידער גענומען שרייען און קלאַפּן: פון דעמדאָזיקן מיטל האָב איך מיך נאָך אַלץ נישט געקענט אָפּזאָגן. איך האָב נישט געוווּסט, אַז אַלע לוקעס זענען פאַרשטאָפּט און פאַרדעקט און אַז דער גאַנצער אונטערדעק איז פאַרשטעלט און פאַרלייגט מיט פּראַכטן, אַזוי, אַז פריי זענען בלויז קליינטשקע ווינקעלעך און שטעגעלעך, ווּ מען קען זיך נישט באַוועגן.

און ס׳איז געווען מיין גליק, וואָס איך האָב עס נישט געוווּסט, וואָרים ווען איך וואָלט עס יאָ געוווּסט, וואָלט איך

מסתמא משוגע געוואָרן, אָדער באַלד אויפֿן אָרט געשטאָרבן פֿון עגמת־נפֿש. איך וואָלט זיכער נישט אויסגעהאַלטן.

אין מיינע גרויסע שווערע יסורים זענען דאָך געווען מינוטן, ווען מיר האָט זיך עפּעס געדאַכט, עפּעס געשיינט, אַז מען גייט צו מיר מיט הילף, מען הערט מיך און מען וועט מיך דערהערן...

און טיילמאָל האָב איך גענומען ציטערן פֿון פֿרייד: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער טריט, עמעץ גייט צו דעם איינגאַנג פֿון אונטערדעק...

אַז דאָס לאָך פֿון אונטערדעק איז געווען איינגאַנצן פֿאַר־קאָרקעוועט און פֿאַרשטעלט און פֿאַרדעקט — דערפֿון האָב איך מיך דערוווּסט מיט אַ צייט שפּעטער, ווען מיינע אויגן האָבן דערזען די ליכטיקע וועלט...

עס זאָל אייך גאָרנישט וווּנדערן, קינדער, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז אין מיינע גרויסע יסורים האָט מיר אַ סך גע־האָלפֿן דער צושטאַנד פֿון פֿאַרגליווערונג, וואָס פֿלעגט מיך עפּעטער באַפֿאַלן.

אין דעמדאָזיקן צושטאַנד האָב איך באַלד אויפֿגעהערט צו ליידן, און הלוואי וואָלט ער זיך וואָס לענגער בעצויגן!

דעמאָלט בין איך געווען ענלעך צו אַ שטיק האָלץ, וואָס איז על־פּי־טעות אַריינגעפֿאַלן אין אונטערדעק.

קיינעם איז עס נישט נייטיק, קיינער דאַרף עס נישט, אָבער דאָס האָלץ ליידט נישט דערפֿון און ווייס נישט דעם טעם פֿון יסורים...

דער גיהנום מיינער האָט זיך אָנגעהייבן באַלד מיט דעם מאָמענט, ווען עס האָט זיך געענדיקט די פֿאַרגליווערונג, דער צושטאַנד פֿון האָלץ.

די ערשטע שפּירונג מיינע איז געווען — דורשט! אַך, וואַסער, וואַסער! אַ מאָדנע זאַך, וואַסער איז מיר געווען טייערער פון לופט און פון ליכט...

עס האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט אַלץ געקענט איבער־קומען — דעם דורשט אָבער נישט.

אַ מענטש, האָט לאַנגזאַם געטריקנט, ווי אַ געוויינדזלטער הערינג... וואָס קען זיין שרעקלעכער דערפון?

ווען איך וואָלט געהאַט וואַסער, וואָלט איך מיך מחיה געווען... פריער האָב איך געוואָלט אָפּגעבן אַ האַלב לעבן פאַר אַ טראָפּן וואַסער, איצט האָב איך עפּעס געטראַכט, אַז ווען מען ברענגט אַ פלאַש ריין קאַלט וואַסער און מען זאָגט מיר:

„וואָס ווילסטו, קלויב דיר אויס: אָדער איבערקומען די יסורים פון אונטערדעק, וואָס וועלן לאַנג דויערן, נאָר דו וועסט דאָך בלייבן לעבן און אפילו זיין אַמאָל אַן אָנפירער פון אַ שיף, אָדער דו קריגסט דידאָזיקע פלאַש וואַסער — זעסט ריין קאַלט וואַסער, אָבער אַז דו וועסט עס אויסטרינקען, וועסטו מוזן באַלד אָוועקשטאַרבן?... קלויב דיר אויס, באַדאַכט דיך, אייל דיך נישט, און זאָג באַלד אויפן אָרט, וואָס דו ווילסט!"

קינדער, איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז איך וואָלט קיין איין מינוט נישט געטראַכט און וואָלט תיכף ומיד אויסגעוויילט דאָס צוו[...]ע...

אַזוי האָב איך געוואָלט טרינקען!

היינט שטעלט אייך נאָר פאָר, אַז ביי אַזוינע ענויים האָב איך נאָך געמוזט כסדר הערן דעם קלאַנג פון וואַסער. איך האָב געמוזט הערן, ווי די כוואַליעס פּאַטשן די זייטן פון דער „אינקאַ", און איר וועט פאַרשטיין, אַז אויב איך בין דאָך אַרויס מיט אַ קלאָרן קאָפּ, בין איך געווען שטאַרקער פון אייזן.

עפּעס טאָקע כוחות פון אַ ריז זענען געזעסן אין מיר.

זעט איר, דער הונגער האָט מיך שוין נישט אַזוי שטאַרק געפייניקט. דער הונגער האָט זיך געהאַלטן אַנשטענדיקער, ווי דער דורשט, און זעענדיק, אַז איך בין אַזוי אומגליקלעך און אָפּגעשוואַכט און ווער בלינד פון פינסטערניש און ווער הייזעריק פון שרייען און גוואַלדעווען, האָט ער מיך גאָרנישט געטשעפּעט...

ער האָט מיך געלאָזט צורו.

אגב, האָב איך מורא געהאַט צו עסן — דער דורשט זאָל זיך נישט פאַרשטאַרקן...

על־פּי־נס האָב איך געפונען אין מיין קעשענע אַ פּאָרציע סוכאַרעס און זעלטן־זעלטן פּלעג איך אַרויפנעמען אויף די ציין אַ ברעקל פון זיי.

איך האָב מיך שוין נישט געראַנגלט, נישט געזוכט קיין מיטלען, נישט געוועזן מער אונטערנעמעריש. איך האָב מיך אונטערגעגעבן, ווי אַן עוף אונטער דעם מעסער פון אַ דינסט...

איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל באַלד שטאַרבן, און קומען וועט דער טויט דורך דורשט.

דערין האָב איך קיין איין מינוט נישט געצווייפלט. עס איז נאָר געווען אַ פראַגע: ווי לאַנג וועט זיך ציען מיין אַגאָניע?

איך האָב, נאַטירלעך, געוואָלט, עס זאָל געשען וואָס שנעלער: אָט הייַנט, אָט די מינוט...

וועמען צו זשאַלעווען אויף דער וועלט האָב איך נישט געהאַט. מיין טאַטע און מאַמע זענען געשטאָרבן, און קיין איין גוטן מענטשן האָב איך נאָך דערווייל נישט געקענט, אויסער העגרי בלו.

אָבער העגרי בלו איז דאָך אַ דערוואַקסענער מענטש און ער קען זיין שטעטל באַשטיין אָן מיר. ס׳איז נישטאָ אים וואָס צו זשאַלעווען.

יאָ, ס׳האָט מיר באַנג געטאָן דער ים. אַך, דער ים! צו אים האָב איך קיין מזל נישט. איך קען מיך נישט משדך זיין מיט אים. און אַלעמאָל, ווען איך קום מיט אים אין באַרירונג, באַצאָל איך מיך מיט די גרעסטע יסורים און פּיין...

פאַרוואָס האָט עס געקומט פאַר אַזאַ הייסע ליבע אַזאַ שוואַרצער שכר?

פאַרוואָס האָט מיך פיינט דער ים?

פאַרוואָס פאַרפאָלגט ער מיך אַזוי?

די דאָזיקע פראַגן ווערן גליקלעך איבערגעריסן דורך דער לייטזעליקער פאַרגליווערונג. זי נעמט מיך אַרויס פון אַלע צרות און אַנגסטן.

דער מוח הערט אויף צו טראַכטן, דאָס האַרץ צו ליידן, דער גאַנצער גוף פאַרלירט דעם ווײ פון דורשט.

נישטאָ שוין מער דאָס געפיל פון דורשט — נישט גע-דאַכט זאָל עס ווערן! מיין גרעסטער שונא זאָל נישט וויסן פון אים! אַפילו מיין פעטער זאָל באַהיט און באַשירמט ווערן פון אים!...

איך האָב געלעבט מיט דער פאַרגליווערונג, ווי מיט דער גרעסטער נחמה. איך האָב געבענקט נאָך איר און געוואַרט אויף איר, ווי אויף אַ ליבער זיסער כלה...

איך האָב געציילט אירע טריט און איך האָב זי כסדר געזוכט אין מיר און אויסער מיר — אין דער פינסטערניש, אין די פעסער, אין דער שווערער איבלדיקער לופט פון דעם פאַר-האַקטן און פאַרקאָרקעוועטן קעלער.

די פאַרגליווערונג האָט מיך אויפגעהאַלטןביים לעבן.

## א כישופדיקער קלאנג.

פאראַן אָבער, קינדער, אַזוינע מינוטן, וואָס שניידן זיך איין אין זכרון אויף אייביק... ניין, דאָס איז נישט קיין פראַזע, קינדער, נאָר פאַרקערט, ס'איז אַזאַ גרויס ממשותדיק וואָגיק שטיקל ווירקלעכקייט, וואָס קען זיך נישט צוקלייבן קיין ווערטער, און דעריבער קלינגען זיי, ווי פראַזן.

אין מיין שטורמישן לעבן האָב איך געהאַט צוויי מינוטן אַזעלכע: איין מינוט, ווען איך האָב מיך צוגעפּעסטיקט מיט די שעלקעס צום דראָנג און האָב בעת מעשה געפילט, אַז איך ראַטעווע מיך, אַז די צעיושעטע כוואַליעס האָבן איבער מיר שוין קיין שליטה נישט, און די צווייטע מינוט...

אָבער לאָמיר אייך פאַרציילן מיט אַ סדר, ווי געהעריק און נישט פאַרכאַפּן פאָרויס.

איינמאָל, נאָך אַ לענגערן צושטאַנד פון פאַרגליווערונג, האָב איך מיך ווי עס איז אויפגעהייבן און האָב מיך אָנגע-שפּאַרט אָן אַ נידעריקער באַלקע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער מיין נאָרע.

איך האָב מיר געוואָלט אַ ביסל אויסגלייכן די ביינער, אָפּגענעצן, איבערטרויִשן די לאַגע פון אַ מת...

ס'איז מיר שטענדיק געווען אייִנג און האַרט און פינסטער אין די אויגן, און אַזוי מוז זיך דאָך פילן אַ מת אויך...

איך האָב שוין געפּרוווט ליגן אויפן זייט און אויפן רוקן און אויפן בויך און אין דער פאָרם פון אַ S אָדער אַ Z, און עס האָט מיר אַלץ נישט געהאָלפן.

אַלע ביינער האָבן מיר געבראָכן, אַלץ האָט אין מיר געווייטיקט און געקרענקט...

און אָט, שטייענדיק אַזוי אינדערפינסטער, אָנגעשפּאַרט אָן דער באַלקע, האָב איך פּלוצלונג דערהערט אַ קלאַנג, אַ כּישופֿדיקן קלאַנג...

אַ קלאַנג פון אַ פליסיקייט ערגעץ אין אַ פעסל, וואָס איז געשטאַנען אין שכנות מיט מיר.

עס איז דעמאָלט געווען אַ טאָג פון גרויסע ים-שטורעמס. די כוואַליעס האָבן זיך געשפּילט מיט דער „אינקאַ", ווי מיט אַ שפּענדעלע.

זיי האָבן זי אַרומגעשליידערט אינדערהויך און געוואָרפן אינדערנידער, און די „אינקאַ" האָט געקרעכצט. אַפילו דער שוואַרצער שיפקעלער האָט זיך נישט געפילט מיט אַלעמען. מאַנכע פעסער האָבן זיך בייז דורכגעשמועסט און זיך אַ ביסל צעקלאַפּט און איין קאַסטן האָט דערלאַנגט אַזאַ סקריפּ מיט די זייטן, פּונקט ווי אים וואָלט נישט גוט געוואָרן...

די פליסיקייט אין פעסל האָט זיך אויך געלאָזט הערן צוליב דעמדאָזיקן אומרויִקן ים-טאָג.

איך דאַרף אייך, נאַטירלעך, נישט פאַרציילן, אַז איך בין צוגעפּאַלן מיטן אויער צום פעסל מיט דעם גרעסטן אימפּעט, וואָס איז נאָר געלעגן אין מיינע ביינער...

מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז איך נאַר מיך, אַז איך האָב קיין שום קלאַנג נישט געהערט...

אָבער הערט: די שיף האָט זיך געטרייסלט און געוויגט און די פּליסיקייט האָט שטיל געזונגען. אין מיין אָנגעשטרענגטן געהער זענען מחיהדיק אַריינגעפאַלן אירע קלאַנגען

„גול-גול-גול-גול-גול...״

איך בין משוגע געוואָרן. הענט און פיס האָבן מיר אָנ-געהייבן ברענען און אויפן שטערן – אַ הייסער שוויס...

און איך וואָלט זיכער אומגעפאַלן פון משוגעת, פון משוגענער פרייד און וואָלט מיך צוקאַליעטשעט אויף טויט, אָבער די קבר-איינגקייט האָט מיט געהאַלטן אויף די פיס, נישט געלאָזט מיך אַנידערפאַלן און מיך בעסער געצוווּנגען צו שכלדיקע ניכטערע באַוועגונגען...

„גול-גול-גול-גול...״

אַך, וואָס פאַר אַ קלאַנג, וואָס פאַר אַ מחיהדיקער דער-וויקנדיקער קלאַנג! אין דער גאַנצער וועלט-מוזיק איז זיכער נישטאָ נאָך אַזאַ נאָטע...

אָבער גענוג! קודם מוז מען עפּעס טאָן און מען מוז ווערן רויִקער. קודם מוז מען באַטאַפּן דאָס פעסל פון אויבן ביז אַראָפּ און פון אַלע זייטן.

מען מוז זוכן אַ קראַן...

איך בין אַרויפגעפאַלן אויפן פעסל מיט די הענט, מיטן קאָפּ, מיט אַלע אֵברים. מיין זוכן האָט מיך אָבער אַביסל אַנטוישט: ס'איז געווען אַ קראַן, נאָר איבערגעדרייט צו דער וואַנט און פאַרשטעלט מיט קאַסטנס, און צוקומען צו אים האָט מען נישט געקענט.

איך האָב אָבער געוווּסט, אַז יעדעס פעסל האָט אַ צווייטע עפענונג אין דעק, וואָס איז פאַרשטעקט מיט אַ קאָרעק.

נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג אינדערפינסטער האָב איך איינגעפונען, אַז איך וועל אויך צום קאָרעק נישט צוקומען. מען דאַרף פשוט איבערדרייען דאָס פעסל, און דערויף האָב איך נישט קיין כוח.

עפעס אַ בלינדע אויפרעגונג איז מיך באַפאַלן, און ס'האָט זיך געוואָלט רייסן די האָר אויפן קאָפּ, די פינגער צובייסן ביז בלוט — און אַ סוף זאָל דאָס ווערן!

דער פאַרדרוס איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב מיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. רעזיגנירן האָב איך אָבער בשום אופן נישט געוואָלט. וואָס הייסט, איך האָב דאָ וואַסער, איך האָב דאָ דעם מקור פון לעבן און איך וועל מיך נישט דער־שלאָגן צו אים?

יאָ, זאָל נאָר איבערגיין דידאָזיקע בלינדע אויפרעגונג, וואָס בינדט מיר הענט און פיס, לאָמיך נאָר עטוואָס באַרויקן, וועל איך שוין געפינען עפעס אַן עצה, ווי אַזוי איך זאָל מיך צוקריגן צו דעמדאָזיקן וואַסער...

קוים איז נאָר פאַראַן עפעס ממשותדיקס, וועט שוין מיין אונטערנעמונגסגייסט נישט דרעמלען.

איך וועל געפינען אַ מיטל, איך מוז געפינען!

און איך געדענק, ווי איצט, אַז איך האָב מיך געוואָלט באַרויקן און האָב צוגעלייגט דעם מידן קאָפּ צו דער באַלקע.

איך האָב מיר געזאָגט:

„זיי נישט אויפגערעגט... קוים איז דאָ אין קבר פאַראַן וואַסער, מעג עס זיין אַפילו אין אַ פעסל, צי אין אייזן, צי אין שטאָל, וועסטו זיך זיכער צוקריגן צו דעם. איצט מוזטו זיך גוט באַדאַכטן, וואָס דו האָסט צו טאָן. וואָרים ווּעסטו געפינען וואַסער, איז שוין דיין לעבן מיט זיבעציק פראָצענט גע־זיכערט... און זיבעציק פראָצענט איז שוין פאַר דיר אַ הויכע

ציפּער... דיין גורל, קינד, איז שטענדיק אַ שווערער... און דעריבער מוזטו זיין באַדאַכט און קלוג און אונטערנעמעריש..."

אַזוי האָב איך מיר געזאָגט, און איך האָב מיך אָנגע־הייבן צו באַרויִקן.

אַפילו דער מערדער — דער דורשט האָט אויך אַזוי ווי נאָכגעלאָזט, אַזוי ווי ער וואָלט אויך געוואָלט עטוואָס אָפּוואַרטן, ביז איך וויל אים דעקן זיין חוב...

אין מיר האָבן זיך אומגעקערט די אַלטע כּוחות. איך האָב אויפגעלעבט פון דעם געדאַנק אַליין, אַז דאָ קען זיין מיט מיר אין שכנות וואַסער...

די וועלט זאָל אַפילו אונטערגיין, דער ים זאָל זיך איבער־דרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס צוריק, די שיף זאָל צו־שפּרונגען ווערן אויף פּיק־פּיצלעך — איך וועל מיך דערשלאָגן צו דעם אוצר פונם פעסל!

„איר קענט מיך ניט, — האָב איך געטראַכט אין היילדן עקסטאַז. — איך בין דאָס יינגל, וואָס האָט זיך געראַנגלט אַ נאַכט מיט ים און שטורם און האָב אויסגעהאַלטן — איך וועל דאָ אויך אויסהאַלטן!"...

און איך האָב מיך גענומען צו דער אַרבעט.

## נובר געווען דאָס פּעסל.

„דאָס מעסערל! דאָס מעסערל! וואָספֿרס מעסערל!“

דידאָזיקע ווערטער האָבן מיר באַלד אונטערנעמעריש אַ וועך געטאָן אין קאָפּ, ווען איך האָב מיר גענומען ערנסט צום פּעסל.

קען איך מיך נישט דערשלאָגן צום קראַן און צום קאָרעק, באַדאַרף מען אַדורכבויערן דאָס ווענטל פון פּעסל, און דערויף האָב איך וואָטערס מעסערל...

דאָס איז געווען אַ פּראַקטיק מעסערל, און איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַנטציקט פון אים.

זיין קלינגל איז געווען פון שטאַרקן געשמידטן שטאָל און דאָס הענטל פון הירשהאָרן.

דאָס איז געווען איינס פון יענע באַרימטע מעסערלעך, וואָס מאַטראָזן טראָגן זיי שטענדיק ביי דער זייט, צוגעבונדן אויף אַ שטריקל.

מיט אַזאַ מעסערל עסן זיי, אַרבעטן זיי און טיילמאָל דינט עס זיי אויך אַלס געווער...

צענדליקער פונקציעס האָט עס ביי זיי.

איצט האָט עס באַדאַרפט דינען מיר, און לאָמיר עס אָקאָרשט אויספּרובירן, ווי געהעריק, אין קאַמף פאַר מיין קיום.

איך בין צוגעקראָכן צום פעסל און עס נאָכאַמאָל גוט אַרומגעטאַפּט און אויסגעפאָרשט.

די אַרבעט מיינע איז אייגנטלעך אַ גאַנץ פּשוטע: איך דאַרף דורכבויערן אַ לאָך און צופּאַלן מיט די ליפּן צו דער פליסיקייט...

נאַטירלעך, דאַרף איך דאָס לאָך אַדורכבויערן נישט אין דעם אויבערשטן טייל פון פעסל, נאָר אין דעם אונטערשטן, ווייל עס האָט דאָך געקענט זיין, אַז דאָס וואַסער זאָל זיין בלויז אַ העלפט, צי נאָך ווייניקער, אין פעסל, און דעמאָלט וואָלט עס געווען אַן אומזיסטע אַרבעט.

חוצדעם, האָט מען באַדאַרפט אויסקלייבן אַזאַ אָרט צום בויערן, וואָס זאָל אונטער די פינגער געבן צו שפּירן, אַז עס איז נישט באַזונדערס דיק. צו וואָס שוויצן איבעריקע צייט איבער אַ דיק ברעטל?

נאָכדעם, ווי איך האָב מיר דאָס אַלץ באַטראַכט און באַ- רעכנט, האָב איך מיך גענומען צו דער אַרבעט.

דאָס מעסערל, מוז איך אייך זאָגן, האָט געאַרבעט אויס- געצייכנט.

איך האָב מיך אַליין נישט געריכט, אַז דאָס פייכטע פעסלהאָלץ זאָל זיך אַזוי לייכט אונטערגעבן דעם שאַרפן שטאָל, וואָס איז אַפילו געגאַנגען פון אַן אָפּגעשוואַכטער האַנט...

איך האָב מיך זיבער נישט געאיילט, זיך נישט געהיצט, נאָר געטאָן מיין אַרבעט פּאַוואָליע און זיכער, און בין געווען צופרידן מיט מיין אַרבעט.

בײַ אַ נישט פֿאָרזיכטיקער באַוועגונג וואָלט איך געקענט צעברעכן מײַן מעסערל, און דערמיט וואָלט געווען אַלץ קאַפּוט.

טיפֿער און טיפֿער האָט עס געשניטן דאָס האָלץ, און ווײַל עס איז געווען פֿינסטער, האָב איך אַלעמאָל געמוזט באַטאַפּן מיטן פֿינגער דאָס אָפּעראַציע־אָרט...

איך האָב אײַנגעזען, אַז עס גייט גוט און האָב באַלד פֿאַרגעסן אין אַלע מײַנע צרות.

אַז איך האָב שוין געהאַלטן כמעט בײַם סוף פֿון דער אַרבעט, האָט מיר פּלוצלונג אַ צאַפּל געטאָן אין קאָפּ אַ מחשבה.

„און וואָס, אַ שטײַגער, ווען דאָס וועט נישט זײַן קיין וואַסער, נאָר, לאָמיר זאָגן, ווײַן, בראָנפֿן אָדער גאָר עסיק?...“

מילא, דעם געדאַנק וועגן עסיג האָב איך באַלד פֿאַריאָגט: איך האָב מיך נישט געוואָלט אויפֿרעגן און באַצײַטנס אַרײַנפֿאַלן אין יאוש, אָבער וועגן בראָנפֿן און ווײַן האָט מען יאָ געדאַרפֿט אַ טראַכט טאָן.

ערשטנס: צי קענען זיי שאַטן, ווען איך וועל צופֿאַלן מיט די ליפּן צום פֿעסל, ווי צו אַ קוואַל; צווייטנס: צי וועל איך מיך נישט אָנשיכּורן מיט זיי, וואָס איך וואָלט עס בשום אופֿן נישט געוואָלט, און, דריטנס, און דאָס איז, נאַטירלעך, דער עיקר — צי קענען דידאָזיקע צוויי משקאות אײַנשטילן דעם דורשט?

דאָס זענען געווען וויכטיקע פֿראַגן, און איך האָב זיי נישט געקענט פֿאַרענטפֿערן.

דערווײַל אָבער האָב איך געאַרבעט, איך האָב געטאָן דאָס מײַניקע, און דער שפּיץ פֿון מײַן מעסערל האָט שוין געהאַלטן נאָענט בײַ דער פֿליסיקייט...

נאָך איין באַוועגונג, נאָך איין דריק מיטן מעסערל, אָבער איך האָב מיך אָפּגעשטעלט...

דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט: טאָמער, חלילה, נעמט שטראָ-
מען אַ שעדלעכע פליסיקייט...

איך בין געשטאַנען און געקווענקלט אין שרעק.

מען דאַרף זיך אָבער באַשליסן, ס'איז דאָך נאַריש, און
אַט האָט מיין מעסערל געמאַכט דעם לעצטן שניט.

פון פעסל האָט באַלד אַ שפּאַר געטאָן אַ דינער שטאַרקער
שפּריץ.

קינדער, דאָס איז געווען ריין פריש וואַסער!...

איך וועל אייך נישט פאַרציילן, וואָס איך האָב געפילט
מיט אַלע מיינע חושים, בעת איך בין צוגעפּעלן צו דעמדאָ-
זיקן שפּריץ.

נישט איך בין עס בכוח צו פאַרציילן, נישט איר זענט
עס אימשטאַנד צו פילן. דאָס דאַרף מען איבערלעבן, איר
פאַרשטייט?

תחילת האָב איך געמיינט, אַז איך וועל מיך נישט קענען
אָפּרייסן פון וואַסער, אַז איך וועל, אַזוי צו זאָגן, דערטרונקען
ווערן פון טרינקען...

אַ מחיהדיקע קעלט האָט מיך אָנגעפילט פון קאָפּ ביז די
פיס, אַלע אָדערן, אַלע בלוט-געפעסן פון מיין אויסגעמו-
טשעטן גוף.

מיט יעדן וואַסער-שלונג איז מיר צוריקגעקומען אַ שטיק
געזונט, אַ כוח אין די גלידער, אַן אויפפרישונג אין קאָפּ, אַ
שטאַרקייט אין האַרץ...

איך האָב געפילט, אַז איך קער מיך אום צום לעבן, און
אַז די שווערע פינסטערניש, וואָס איז געלעגן אין שיכּקעלער,
באַקומט ליכטיקייט. פענסטער ווערן געעפנט, די זון שיינט!...

און שטעלט אייך פאָר: איך שפּיר שוין נישט קיין דורשט, איך בין זאַט מיט וואַסער, די שרעקלעכע דורשט־נאָגעניש האָט מיך פאַרלאָזט, איז אָפּגעטראָטן!

אָבער איך בין ווידעראַמאָל צוגעפאַלן צום מחיהדיקן קוואַל, געטרונקען און געטרונקען, ביז איך האָב שוין מער נישט געקענט.

ווי אַ באַדאַכטער מענטש, וואָס איז פריער געווען נישט באַדאַכט, האָב איך אין די הפסקות פאַרקאָרקעווט דאָס לעכל מיטן פינגער.

איך האָב געזשאַלעוועט יעדן טראָפּן וואַסער, ווי גאָלד, איך האָב מיר נישט פאַרגונען, עס זאָל פאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און נישט מיר אין מויל...

סוף־כל־סוף אָבער האָט מען געדאַרפט אויסגעפינען עפּעס אַ מיטל, צו פאַרשטאָפּן דאָס פעסל.

אָבער ווי געפינט מען אויס אַ מיטל, אַז איך קען מיך נישט אָפּרייסן פון מיין אוצר: דער פינגער שטעקט אין לעכל פון פעסל...

געטראַכט, געטראַכט און געפונען: אָפּגעשניטן מיטן מעסערל אַ שטיקל שטאָף פון מיין קורטקעלע, האָב איך דער־מיט פאַרשטאָפּט דאָס לעכל.

איצט איז שוין אַלץ אין אָרדענונג און אַלץ איז באַזאָרגט.

אַן אָנגעטרונקענער צו זאַט, האָב איך מיך אַנידערגעזעצט אין מיין נאָרע און די שוואַרצע ווערעם־רעיונות זענען מיך תיכף ווידער באַפאַלן.

זיי האָבן געזאָגט:

„און וואָס איז שוין דאָס גליק, אַז דו האָסט געקראָגן וואַסער, אַז דיין דורשט איז געשטילט געוואָרן, שוין־זשע איז דערמיט דיין לאַגע גרינדלעך געענדערט געוואָרן? שוין־זשע

וועסטו דאָ נישט אַוועקפגרן אינדערפינסטער? און שוין-זשע קען מען לעבן בלויז מיט וואַסער? און ווו איז עסן? אַ מענטש דאַרף דאָך עפּעס עסן אויך? וואָס האָסטו, וואָס פאַרמעגסטו פון עסנוואַרג? אפשר האָסטו שוין פאַרגעסן, אַז דיין גאַנצע פּראָ-וויאַנט-עשירות באַשטייט פון אַ פּאָר ברעקלעך סוכאַרעס און אַ פּיצעלע קעז?... יאָ, פון דעם וואַסער וועסטו אפשר האָבן די פעולה, וואָס עס וועט פאַרלענגערן דיין אַגאָניע אויף אַ פּאָר טעג מער... אָבער אַ פאַרלענגערטע אַגאָניע — דו ווייסט, וואָס דאָס הייסט? ווען דו וואָלסט געווען אַ קלוגער יינגל, וואָלסט זיך גאָרנישט באַדאַרפט פרייען מיטן וואַסער, און ווען דו וואָלסט געווען אַ שטאַרקער יינגל, וואָלסטו... וואָלסטו בעסער באַדאַרפט פאַרענדיקן מיטן לעבן!...״

אָט אַזוי האָבן גערעדט די שוואַרצע ווערעם-רעיונות.

אַ טשיקאַווע זאַך: ליידנדיק די גאַנצע צייט אמתע גיהנם-יסורים פון דורשט, איז מיר דערווייל קיין איין מאָל נישט איינגעפאַלן, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירט אויך אַ הונגער...

דער דורשט האָט פאַרטריבן דעם אַפעטיט פאַריאָגט די רעיונות וועגן דער אכילה.

איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער הונגער איז אויך אַזאַ יחסן, ווי דער דורשט, און אַז ער האָט אויך גענוג כּלי-זיין, מיט וועלכע צו מוטשען אַן אָרעמען אומבאַהאָלפענעם מענטשן...

אַזוי ווי איך האָב איצט געהאַט אַן אויפגעפרישטן קאָפּ, האָב איך מיך געקענט בעסער פאַרטיפן אין דעמדאָזיקן ענין, און אַז איך האָב מיך בעסער פאַרטיפט, בין איך געקומען צו זייער אַ טרויעריקן חשבון.

און דער חשבון איז געווען אַזאַ, אַז איך וועל קענען אויסהאַלטן אין דעמדאָזיקן קעלער נישט מער ווי נאָך אַ צווי,

דריי טעג. איך וועל דאָ מוזן אויסגיין, ווי אַ קליין רויכיק לעמפל, אויב נישט פון דוחק אין לופט און ליכט, איז כאָטש פון פשוטן גראָבן הונגער...

וואָס טוט מען פאָרט?

מיינע שווארצע ווערעם-געדאַנקען האָבן מיר שוין פריער מרמז געווען, אַז אַ שטאַרקער יינגל וואָלט בעסער באַדאַרפט פאַרענדיקן מיט אַזאַ לעבן...

צו וואָס אַזאַ לעבן, אַז דער טויט איז שוין טויזנטער מאָל בעסער.

און אָט האָב איך מיך איצט, נאָכן גן-עדן-וואַסער, נאָך דער גאַנצער שמחה מיטן פעסל און נאָך אַלע גליקן, אָנגע-כאַפּט אין דעמדאָזיקן געדאַנק.

אָבער ווי מאַכט מען זיך אַ טויט?

איך האָב מיך רויק באַדאַכט.

דאָ קענען אייגנטלעך זיין דריי מינים טויט: הונגער, דורשט, מעסערל...

נו, מיטן דורשט בין איך באַקאַנט, און אַזאַ טויט, אַ טויט דורך דורשט, וואָלט איך נישט געוואָלט... אַ הונגער-טויט, מיין איך, מוז אויך נישט זיין בעסער. בלייבט, אַלזאָ, דאָס מעסערל...

כאָטש איך בין געווען נאָך גאָר אַ קינד, קען מען זאָגן, האָב איך דאָך גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מען קען אַ רוף טאָן דעם טויט דורך אַ מעסערל און ווי אַזוי דער שטאָלצער טויט ווערט זיך באַלד מטריח זיין אויף דעמדאָזיקן רוף...

איך האָב געזען, ווי מען האָט געשניטן לעבעדיקע פיש, הינער, גענדז...

איז האָב געזען, וואָס אַ מעסער איז מסוגל צו טאָן.

אין מיר זענען נאָך אָבער געזעסן שטאַרקע לעבנס-אינסטינקטן, געירשנט פון מיינע הויכע פּולבלוטיקע זיידעס

און עלטערזיידעס, און דידאָזיקע אינסטינקטן האָבן צוקוועטשט די רעיונות וועגן טויט...

נישט דאָס, וואָס איך האָב מיך נישט געקענט באַשליסן, נאָר איך האָב געפילט עפּעס אַ מיאוסע עבירה אין אַזאַ טאַט, איך האָב געפילט, אַז איך טאָר עס נישט טאָן און אפילו נישט טראַכטן דערפון, אַז אנשטאט דעם באַדאַרף איך מיך אָנשטרענגען מיט אַלע כוחות און זוכן אַ וועג צום לעבן.

„נאָר לעבן! נאָר לעבן!" — האָבן געשריען מיינע לעבנס-אינסטינקטן.

דערדאָזיקער רוף האָט געשריען אין מיר און האָט מיך אויפגעהייבן אויף די פיס. איך האָב מיך געפילט, ווי ניי-געבוירן, אָבער וואָס צו טאָן האָב איך דאָך נישט געוווּסט...

## אַ קאַסטן מיט סוכאַרעס.

דערווייל האָב איך מיך גענומען פּראַקטיש צו דער זאַך. קודם האָב איך צעטיילט מיינע לעצטע ברעקלעך סוכאַרעס אויף פיר „חלקים". די הפסקה פון איין „חלק" ביז אַ צווייטן באַדאַרף זיין וואָס לענגער. גישקשה, מען דאַרף נישט זיין קיין פרעסער, מען קען אויסהאַלטן, און, צווייטנס, טאָר איך מיך נישט אונטערוואַרפן די שוואַרצע ווערעם-רעיונות.

מען טאָר אַזוי נישט טראַכטן. מען דאַרף זיי פאַריאָגן פון קאָפּ, ווי מזיקים, וואָס ברענגען נאָר שאָדן, נישט מער.

איך ווייס נישט, פאַרוואָס, נאָר זינט איך בין צוגעפאַלן מיט די פאַרשמאַכטע ליפּן צום וואַסער, האָב איך געהאַט דאָס פאָרגעפיל, אַז איך וועל פון הונגער אָדער פון אויסצערונג נישט שטאַרבן און אַז איך וועל בכלל נישט שטאַרבן אויף דער „אינקא".

און איך מוז אייך זאָגן, אַז כאָטש דאָסדאָזיקע פאָרגעפיל האָט קיין שום גרונט נישט געהאַט אונטער זיך, דאָך האָט עס מיר צוגעגעבן מוט און געשטאַרקט די כוחות.

מיט עטלעכע שעה צוריק האָב איך געליטן יסורי־גיהנם פון דורשט. איצט האָב איך שוין וואַסער איבערגענוג. אפשר וועט מיר אָפּגליקן אויך מיט שפּייז־פּראָדוקטן?

קוים האָב איך אַזוי באַשלאָסן, האָב איך באַלד דערפילט, אַז איך וויל עסן... דער אַפּעטיט האָט שטאַרק אַ קלאַפּ געטאָן אין מאָגן.

דעמאָלט האָב איך גענומען די ערשטע „פּאָרציע" סוכאַ־רעס אין מויל אַריין און באַלד פאַרזופּט מיטן מחיהדיקן וואַסער...

איין „פּאָרציע" האָט אָבער געוואָלט מיטשלעפּן די צווייטע. דער אַפּעטיט האָט נישט גערוט...

איך האָב מיך דאָך אָפּגעהאַלטן, אָבער נישט אויף לאַנג. די האַנט איז גאָר אָן מיין וויסן געגאַנגען צו דעם „פּאָרציעלע" און האָט עס געבראַכט אין מויל אַריין...

איך האָב געוואָלט עסן, איך בין געווען אויסגעהונגערט. דער דורשט, וואָס האָט פריער פאַרטריבן דעם הונגער, האָט אים איצט איבערגעלאָזט זיין אָרט.

די צוויי „פּאָרציעלעך" האָבן מיר נישט געגעבן אַפילו די מינדסטע שפּירונג פון זאַטקייט. פאַרקערט, זיי האָבן נאָכ־מער צערייצט דעם הונגער.

איך האָב קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און האָב מיך געמוזט נעמען פאַר דער דריטער און פערטער „פּאָרציע"...

מיט איין אָטעם האָב איך זיי אַראָפּגעשלונגען און בין געבליבן זיצן, ווי אַ נאַר.

אַזוי־אַרום האָב איך פאַרענדיקט אַלע פיר „פּאָרציעס", וועלכע האָבן מיר באַדאַרפט קלעקן אויף גאַנצע פ י ר טעג!

איצט האָט געקענט קומען דער הונגערטויט. איך האָב קיין שום געווער נישט געהאַט קעגן אים. ער האָט מיך געקענט נעמען לייכט, ווי אַ פעדערל, אָן שום קאַמף.

איך האָב אָבער ווייניק געדאגהט. דאָס וואַסער האָט מיך פאַרשיכּורט מיט האָפענונג...

און, אַ באַרויקטער, האָב איך איינגעדרעמלט.

אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז מיר באַלד געקומען אויף די אויפגעפרישטע רעיונות:

„גאָט אין הימל! אויב מען קען דאָ, אין קבר־קעלער, געפינען פריש ריין וואַסער, טאָ פאַרוואָס זאָל מען נישט קענען געפינען אויך עסנוואַרג? אויב עס איז פאַראַן וואַסער, מוז אויך זיין ברויט. אַזוי זאָגט די לאָגיק פון אונטערדעק."

איך האָב מיך באַלד אויפגעהייבן פון אָרט מיט אַ צע־וואַקסן שמחהלע אין האַרץ.

אָבער ווו, אין וואָסער אָרט הייבט מען אָן צו זוכן עסנוואַרג און צי וועט די פעסטונג, ווו דאָס עסנוואַרג וועט ליגן, זיך לאָזן איינגעמען פון מיין מעסער?

נאָך אַ קליינעם ישוב-הדעת איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל אָנהייבן זוכן טאַקע אויף דעם אָרט, ווו עס שטייט דאָס פעסל מיט וואַסער, וואָרים אַ פאַרדעכטיקער קאַסטן מיט דינע ווענטלעך האָט שוין לאַנג אינדערפינסטער צוגעצויגן מיין אויפ־מערקזאַמקייט.

דער קאַסטן איז געשטאַנען נישט ווייט פון פעסל און אויף אים איז געשטאַנען אַ צווייטער קאַסטן.

תחילת האָב איך נישט געוווּסט, וואָסער קאַסטן איך זאָל זיך אויסקלויבן — דעם אויבערשטן, צי דעם אונטערשטן, אָבער איך האָב מיך גענומען צו דעם אונטערשטן, ווייל צו אים איז דער צוטריט געווען אַ לייכטערער.

פאַר יוצא וועגן האָב איך פריער, איידער איך האָב מיך גענומען פאַרן מעסערל, עטלעכע מאָל שטאַרק אָנגעקלאַפּט אין קאַסטן. פונם קלאַנג, מיט וועלכן דער קאַסטן וועט מיר ענטפערן

אויף מיינע קלעפּ, האָב איך מיך געוואָלט אָנשטויסן, וואָס דאָרט ליגט. ביי מיר איז אויסגעקומען (און דאָס איז ריכטיק אויך), אַז יעדער געגנשטאַנד האָט זיין באַזונדער קלאַנג, מיט וועלכן ער ענטפערט אויף אַ קלאַפּ.

דער ענטפער פון קאַסטן איז געווען אַ טעמפּער, אַ היי-זעריקער, ווי מיט אַ קרעכצעלע...

„יעדנפאַלס, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — קיין אייזן מוז דאָ ניט ליגן, און מען דאַרף צוטרעטן צו דער אַרבעט."

און אָט האָט מיין לייטזעליק מעסערל ווידער געשניטן האַלץ. איצט האָב איך געוואָלט אויסשניידן אַ היבשן פּירעק, אַזוי, אַז איך זאָל קענען אַרונטערלאָזן מיין גאַנצע האַנט און מאַכן אַ געהעריקע רעוויזיע אין קאַסטן.

די אַרבעט איז גיט געווען קיין שווערע.

דאָס ווייכע האָלץ האָט גאָרנישט געקעמפט מיט מיין מעסערל. נאָך אַ שניט און נאָך א שניט, און אָט האָב איך פּלוצלונג דערהערט, ווי עפּעס איז אַרויסגעפאַלן פון קאַסטן און האָט זיך אָפּגעקלאַפּט לעבן מיינע פיס.

גלייכצייטיק האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין נאָז דער באַ-טעמטער ריח פון סוכאַרעס...

דער פּירעק איז שוין געווען אויסגעשניטן, און פון דער פּאָדלאָגע האָב איך אויפגעהייבן אַ גרויסן פיין-געבאַקענעם און וואויל-שמעקעדיקן סוכאַר!...

דאָס איז געווען אַ קאַסטן מיט סוכאַרעס...

גוטע, גרויסע, אַזויגערופענע „מאַטראָזן-סוכאַרעס", וואָס האָבן אַזאַ שם ביי אַלע ים-לייט.

יעדער איינער פון זיי איז געווען גרויס, ווי אַ טעלער און דיק, ווי אַ פינגער און וואָגיק אויף דער האַנט. איך האָב זיי גוט

באַטאַפּט און באַשמעקט און האָב זיי באַלד דערקענט אַפּילו אינדערפינסטער...

געבאַקט האָט מען זיי פון רייבעם, גוטן, פּיינעם ווייצנמעל...

איך פרעג אייך: ווער האָט זיך איצט געקענט גלייכן צו מיר? ביי וואָסער מענטש פון לופט און ליכט האָט איצט דאָס האַרץ געקלאַפּט מיט אַזויפיל שמחה און גליק, ווי ביי דעם קלייניטשקן מענטשעלע, וואָס איז געווען באַגראָבן לעבעדיקערהייט אין דעם שוואַרצן אונטערדעק פון דער „אינקאַ?"

און, קינדער, וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן, איר וועט דאָך מסתמא אַליין פאַרשטיין, אַז איך האָב מיך גלייך גענומען צום עסן, ניין, ריכטיקער, צום פרעסן...

איך האָב געגעסן איין ס'כאַר און אַ צווייטן און אַ דריטן און אַ פערטן, און, מעגלעך, אַז אַ פינפטן און אַ זעקסטן אויך... ווארים ווער האָט עס געקענט געבוי ציילן אין אַזאַ הונגער, ווער האָט עס געהאַט צייט דערויף...

איך ווייס נאָר, אַז איך האָב זיי געשלונגען, ווי די האַלעשקעס!...

אַך, וואָס פאַר אַ מחיהדיקן טעם זיי האָבן געהאַט, און באַזונדערס נאָך, ווען מען האָט זיי פאַרטרונקען מיט רייבעם פרישן וואַסער?

עסנדיק זיי האָב איך געפילט דעם טעם פון געבראָטנס, פון געפליגל, פון פיש, פון אייזקרעם...

אָנגעפּאַקט אַ פולן מאָגן, האָב איך אַ טאַנץ געטאָן אינדערפינסטער און אַפּילו אַ ביסל קוויטשיק אויסגעזונגען:

האַלאָ, איך לעב נאָך און וועל לעבן
דאָ, אויף דעם שטורעמדיקן ים!

נאָכדעם האָב איך אַריינגערוקט די האַנט אין פירעק: גאָט אין הימל! אַ גרויסער פּולגעפּאַקטער קאַסטן מיט סוכאַרעס, וואָס קען מיר קלעקן אויף וואָכנלאַנג.

נו, פון הונגער און דורשט וועל איך שוין נישט שטאַרבן, און מען דאַרף האָפן, אַז איך וועל איבערקומען די שוואַרצע נויט פון אונטערדעק.

כדי צו זיין איינגאַנצן זיכער, האָב איך מיר גענומען אויספאָרשן דאָס פעסל וואַסער. פאַר דורשט האָב איך געוואָלטיק מורא געהאַט, ווי פאַרן מלאך־המות, און מיר האָט זיך געוואָלט וויסן גענוי, ווי הויך עס שטייט מיין וואַסער־עשירות.

צוגעגרייט פריער עטלעכע פאַרשטאָפּערלעך פון קאַסטנ־האָלץ (ציים האָב איך דאָך געהאַט גענוג), האָב איך גענומען מאַכן לעכער אין פעסל, פריער העכער און נאָכדעם נידעריקער, ביז איך בין געקומען צו דער ריכטיקער וואַסער־ליניע אין פעסל. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס פעסל איז העכער דריי פערטל פול מיט וואַסער, אַזוי, אַז איך האָב מיך גאָרנישט וואָס צו שרעקן פאַר דורשט.

איז דער דורשט אַזוי־אַרום אויך אויף אַ לאַנגע צייט פאַרטריבן געוואָרן פון אונטערדעק.

איצט האָב איך מיך איינגעטלעך געקענט באַרויקן, ווען נישט דער געדאַנק, אַז איך קען מיר אַזוי אָוועקזעצן אין שוואַרצן קעלער גאַנצע זעקס חדשים...

גאָט אין הימל, זעקס חדשים!

דאָס איז אַפּילו אַ צו לאַנגער טערמין פאַר אַן אַרעסטאַנט, כאָר אַ הויכן געזונטן אַרעסטאַנט, וואָס באַקומט דאָך אַ ליכטיק צימער, אַ בוך, אויוון־וואַרעמקייט, וואַרעם געקעכטס, אַ געלעגער, אַ שפּאַציר אויפן הויף, אויף דער פרייער לופט...

חוצדעם, האָט ער חברים, און אויב נישט קיין חברים, איז כאָטש אַ וועכטער, אַ מענטשלעך געזיכט. ער קען זיך דורכשמועסן, שרייבן בריוו, שפּילן און דאָסגלייכן.

אָבער וואָס האָב איך?

איך האָב נישט קיין צימערל און נישט קיין געלעגער. ווי אַ גאַסנהונט, ליג איך אין אַ האַרטער נאָרע, אינדערפינסטער, אין אַ פאַרפרעסטער לופט, פון וועלכער עס קערט צום ברעכן. פון וואָרעמען געקעכטס איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר סוכאַרעס מיט וואַסער און וואַסער מיט סוכאַרעס. איך ווייס נישט, וואָס עס ליגט אונטער מיין נאָז. מיר איז אומבאַקאַנט דער אונטערדעק. אַז איך וועל ווערן קראַנק, וועט קיינער נישט וויסן און קיינער וועט מיר דעריבער נישט קענען העלפן. מיט דער לעבעדיקער וועלט קען איך מיך נישט צונויפריידן, אַלע פעדעם זענען אָפּגעהאַקט צווישן מיר און די מענטשן, וואָס זעען די זון און דעם הימל. די גאַנצע צייט הער איך בלויז איין און דיזעלבע קלאַנגען: דאָס קרעכצן פון די ווענט פון דער שיף און דאָס פּאַטשן פון די כוואַליעס, און עס הייבט אָן איבלען פון די-דאָזיקע מאָנאָטאָנע קלאַנגען, ווי עס איבלט פון דער פאַר-עיפּושטער לופט...

זעקס לאַנגע-לאַנגע חדשים אין אַזאַ לאַגע, זעקס לאַנגע-לאַנגע חדשים אין קבר!...

און דאָך בין איך איצט נישט געפאַלן ביי זיך.

נאַטירלעך, ס'איז מיר גענוג אומעטיק און שווער אויפן האַרצן, אָבער איך דאַרף דאָך נישט זוכן פריצייטיק דעם טויט, ווי איך האָב עס געוואָלט טאָן ביי די אומפאַרגעטלעכע יסורים פון דורשט...

איצט האָב איך געוואָלט זיין נאָך באַדאַכטער, ווי איך בין געווען ביזאַהער, און איך האָב באַשלאָסן זיך גרינדלעך צו פאַרנעמען מיט מיין פּראָוויאַנט-עשירות.

איך האָב געוואָלט וויסן, וויפל פאַרמעג איך, און צי קען איך מיט אַזאַ פאַרמעגן אויסהאַלטן זעק חדשים צייט.

אמת, מיין חשבון איז אַפילו געווען אַ קינדערשער. פונ-וואַנען איז איינגעפאַלן גערעכנט, אַז די שיף דאַרף דורכמאַכן איר וועג אין זעקס חדשים צייט, דאָס הייסט אין אַ משך פון הונדערט און דרייאונאַכציק טעג? דאָס איז איין מאָל אַוועק. און, צווייטנס, אויב איך בין שוין יאָ אַזאַ גוטער בעל-חשבון, טאָ פאַרוואָס האָב איך נישט אָראָפּגערעכנט די וואָך, וואָס איך האָב מיך שוין אָפּגעמוטשעט אין קעלער?

אַזוי קען רעכענען בלויז אַ קינד, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומגליק...

טיילמאָל בין איך אָבער נישט געווען זיכער אויך אין די זעקס חדשים. ווארים ווער קען עס מיר ערוב זיין, אַז די שיף וועט בשלום, אָן הפסקות, אדורכגיין די טראָפּיקעס, אָדער די ווילדע שטורעמס ביים האָרנקאַפּ אָדער ערגעץ אין אַן אַנדער אָרט.

אַ שיף, מעג זי אַפילו זיין די בעסטע און די שטאַרקסטע, קען קיינמאָל נישט זיין זיכער מיטן ים....

און דעריבער האָב איך טאַקע געוואָלט איבערציילן (פּשוט איבערציילן) די סוכאַרעס, וואָס איך האָב אין קאַסטן.

איך האָב באַרעכנט אַזוי, אַז אויב איך זאָל וועלן זיין שפּאָרזאַם, קען איך גאַנץ לייכט אויסקומען מיט צוויי סוכאַרעס אַ טאָג. אמת, דאָס איז נישט קיין סך, אָבער דאָס איז אויך נישט ווייניק, און מען קען לעבן...

אַזוי ווי איך האָב געהאַט גענוג צייט און האָב נאָך דערצו געבענקט נאָך אַ שטיקל אַרבעט, האָב איך מיר איינציק-

זוייז אַרויסגענומען די סוכאַרעס, געמאַכט אַן אָרט פאַר זיי נישט ווייט פון מיינע פיס און זיי גענומען פּאַוואָליע אויסציילן.

געציילט און געציילט, און געקומען צו אַ סך-הכל: צווייאונדרייסיק טוץ סוכאַרעס, און אַכט, וועלכע איך האָב שוין אויפגעגעסן...

פון צווייאונדרייסיק טוץ האָבן מיר ביי אַ קלאָרן חשבון דריי הונדערט און פיראונאַכציק סוכאַרעס. וואַרפן מיר אַראָפּ אַכט סוכאַרעס, בלייבט אונדז דרייהונדערט זעקסאונזיבעציק, וואָס דאַרפן מיר קלעקן אויף הונדערט און אַכט אונאַכציק טעג, אויב מען זאָל, באַטירלעך, רעכענען צו צוויי סוכאַרעס אַ טאָג.

אמת, עס מאַכט אויס אַ ביסל מער ווי אויף זעקס חדשים, אָבער איך בין דאָך סיי ווי נישט געווען זיכער אין דעמ־דאָזיקן טערמין.

ווען איך געפין נאָך אַ קאַסטן מיט סוכאַרעס, וואָלט אפילו געווען גאָרנישט שלעכט. דעמאָלט וואָלט איך פאַרשפּאָרט צו זיין קאַרג און צו ציילן די סוכאַרעס, ווי אַ קמצן זיינע פאַר־באָרגענע מטבעות.

אויפן שכל האָט זיך געלייגט, אַז קוים איז דאָ איין קאַסטן מיט סוכאַרעס, באַדאַרף זיין אויך אַ צווייטער און אפשר אויך אַ דריטער און אַ פערטער...

אָבער צו דידאָזיקע קאַסטנס, וואָס זענען אפילו גע־שטאַנען אין שכנות מיט מיינעם, איז געווען נישט לייכט צוצוקומען.

פונדעסטוועגן האָב איך מיך גענומען צו דער אַרבעט.

אָ, איך קען אויף מיר נישט זאָגן, אַז איך בין געווען אַ פוילער אָדער אַן אָפּגעלאָזענער. ניין, געווען בין איך זייער אַ

פּלייסיקער און זייער אַן אונטערגעמערישער יינגל, נאָר מער נישט, איך האָב צום ים קיין מזל נישט געהאַט...

אינדערפינסטער בין איך אַריבערגעקראָכן איבער מיין קאַסטן און מיט גרויס התמדה זיך גענומען צו זיין שכן.

צו מיין גליק, האָב איך דאָ דווקא געהאַט ווייניק אַרבעט פאַר מיין מעסערל, וועלכעס איך האָב אָפּגעהיט, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

די אויבערשטע דעק פון קאַסטן איז געווען שוואַך צוגע־שלאָגן צו די ווענטלעך, אַזוי, אַז איך האָב זי געקענט לייכט צעפּרייסן.

און אַז די דעק איז מיט מזל אָפּגעריסן געוואָרן און איך האָב אַריינגעלאָזט אינדערפינסטער מיינע צאַפּלדיקע הענט אין קאַסטן אַריין, האָב איך מיך אַליין צעלאַכט איבער מיין קאָ־מישער לאַגע.

אין קאַסטן איז געלעגן בלויז פוטערוואַרג...

איך האָב מיך, אַזוי, געמוזט באַנוגענען מיט צוויי סוכאַרעס אַ טאָג...

אָבער מיט אַזאַ פּאָרציע, ווי געזאָגט, קען מען דאָך לעבן.

איצט האָב איך מיך ווידער גענומען פאַר מיינע סוכאַרעס און זיי מיט גרויס אָרדענונג אויסגעלייגט צוריק אין קאַסטן, אין זייער אַלטן נעסט.

די אַרבעט אָן פרישע לופט און אינדערפינסטער האָט מיך אַ ביסל איינגעמידט, אָבער די מידקייט איז מיר געווען אנגענעם.

טו איך דאָך פאָרט עפּעס פאַר זיך, פאַר מיין לעבן אין דעמדראָזיקן קבר. און אַז מען טוט עפּעס פאַר זיך אין אַ נויט, אין אַן אומגליק, איז שוין דאָס אַליין אַ גרויסע ישועה.

כאָטש איך בין געווען נאָך אַ קינד, פונדעסטוועגן האָב איך עס אויסגעצייכנט גוט פאַרשטאַנען.

## דער קבר פּייניקט מיך.

מיט סוכאַרעס איז געווען „גוט", מיט וואַסער איז געווען „גוט", מיטן קבר אָבער איז געווען נישט גוט.

די לופט האָט מיך געשטיקט, די פינסטערניש האָט מיך געפּייניקט.

איך האָב נישט געוווּסט די צייט, איך האָב דעם טאָג נישט געזען.

יעדע שעה האָט מיר אויסגעוויזן, ווי אַ מעת-לעת. און מיין אַרבעט פאַר אַ גאַנצן טאָג, צי אַ גאַנצע נאַכט, דאָס הייסט פאַר דער צייט, וואָס איך האָב נישט געשלאָפן, האָב איך נאָר געטאָן און געציילט די מינוטן, די סעקונדעס...

איך דאַרף אייך אָבער דערמאַנען, קינדער, אַז צוזאַמען מיט מיר אין קבר האָט נאָך געלעבט אַ ווילד ליב באַשעפעניש, וואָס האָט מיר אָנגענעם געקלאַפּט מיט זיין קליינעם הערצל...

איך מיין דאָ דעם זייגער — מיין מאַמעס זייגער...

דאָס אָזיקע ליבע באַשעפעניש, וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט מיר, האָב איך שטענדיק אָנגעדרייט לויט אַ באַ-

שטימטער צייט, וואָס איך האָב משער געווען, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געקענט וויסן די שעה. דער זייגער האָט אַזוי האַרציק געקלאַפּט, אָבער בײַ וואָס פֿאַר אַ שעה האַלט ער איצט — דאָס איז פֿאַר מיר געווען אַ סוד, ווי ס׳איז פֿאַר מיר געווען אַ סוד, צי עס שײַנט איצט די זון אויפֿן הימל, צי עס ליגט די נאַכט אויף דער ערד...

פֿאַר מײַן קורצן לעבן בין איך תּמיד געווען פּינקטלעך צום שלאָפֿן און צום אויפֿשטיין. איך פֿלעג מיך לייגן שלאָפֿן נײַן אַ זייגער און זעקס פֿלעג איך אויפֿשטיין. אַזוי איז שוין געווען בײַ אונדז אײַנגעפֿירט פֿון מײַנע וויג־יאָרן אָן.

אַפּנים, אַז דידאָזיקע רגילות האָט אויך דאָ געהאַט אַ שליטה איבער מיר. אין אַ באַשטימטער צייט פֿלעגן זיך מיר נעמען קלעבן די אויגן, און איך האָב עס אָנגענומען פֿאַר דער נײַנטער שעה, און דעמאָלט, ווען איך פֿלעג מיך אויפֿכאַפּן און פֿלעג עפֿענען אינדערפֿינסטער די אויגן, האָב איך מיר באַרעכנט, אַז ס׳איז זעקס אַ זייגער אינדערפֿרי...

און לויט דידאָזיקע סימנים האָב איך אָנגעדרייט דעם זייגער. אמת, איך קען נישט זען, וואָס זײַן ציפֿערבלאַט ווײַזט, דערפֿאַר אָבער לאָמיך הערן, ווי ער גייט, ווי ער זינגט אויס זײַן טיק־טאַק אין דעמדאָזיקן טויטן אונטערדעק.

עס איז מיר אויך געווען זייער שלעכט מיטן שלאָפֿן. דאָס וואַלגערן זיך כּסדר אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע קען אַ מענטשן צעברעכן. די פּלייצע, די זײַטן, די פֿיס, די הענט — זיי האָבן מיר שטענדיק געווייטיקט צוליב דעם.

אָבער צו דעם האָב איך אויך אויסגעפֿונען אַ תּרופֿה.

איך האָב מיך נישט געפֿוילט און אַרויסגעשלעפּט דאָס פֿרעמדע פֿוטערוואַרג, וואָס איך האָב געפֿונען אין קאַסטן און האָט מיך אַזוי אַנטוישט.

בײַ אַ צװײ שעה האָב איך געאַרבעט מיטן פּוטערװאַרג אױף דער פּאָדלאָגע, אױסגעלײגט עס אײנס אױף אײנס און צוגעפּעסטיקט די בּרעגן אונטער קאָסמעס און פּעסער, און איך מוז אײַך זאָגן, אַז איך האָב בּאַקומען אַ פּרעכטיק געלעגער. אַפּילו אינדערהײם האָב איך אַזױ װײך נישט געשלאָפן...

אַלזױ, מיר האָבן סוכאַרעס, װאַסער און געלעגער...

זיך אױסגעצױגן מעשה שררה אױפן רוקן און פאַרלײגט די הענט אונטערן קאָפּ, האָב איך מיך אײגנטלעך גאָרנישט שלעכט געפילט, װען נישט דער פאַרשאָלטענער, דער טױזנט מאָל פאַרשאָלטענער חושך!

אַך, ער האָט מיר קאַליע געמאַכט די שטימונג, ער האָט מיר צעבראָכן די רעיונות, ער האָט מיר פאַרדאָרבן יעדע מינוט פון „בּאַרױקונג"...

אין האַלדז איז ער מיר געשטאַנען, אין די אױגן, אין די בּײנער!

איצט פאַרשטײ איך, פאַרװאָס דער קאַרצער איז אַזאַ פײַנלעכע שטראָף פאַר אַן אַרעסטאַנט.

צוזאַמען מיטן ליכט נעמט מען צו בײַם מענטשן אױך דאָס לעבן.

טײלמאָל האָב איך ממש געפיבערט פון חושך, עס האָט מיך געװאָרפן אין היץ און אין קעלט, װי אין אַ קדחת.

„אַ ביסעלע ליכט! - האָב איך געשריען. - כאָטש אײן שעה אין טאָג, כאָטש אַ האַלבע שעה, אַ פערטל, צען מינוט, כאָטש אײן מינוט! כאָטש אײן מינוט!"

אַך, װען עס פאַלט מיר אַראָפּ אַ ביסעלע ליכט, װי אַ נדבה פון גאָט. שױן-זשע גיט גאָט קײן נדבה נישט? אַפּילו שלעכטע מענטשן טוען דאָך דאָס אױך טײלמאָל...

יאָ, סוכאַרעס האָב איך און וואַסער האָב איך און אַפילו אַ פּעכטיק געלעגער האָב איך, אָבער דער קבר פייניקט מיך אַלץ!...

אין זייער אַ שטיל וועטער האָב איך געשיקט מיינע אויערן צום שיפדעק: אפשר וועלן זיי עפּעס דאָרט דערהערן.

אין שטילקייט, ווייס איך, הערט מען זייער ווייט.

על-פּי-רוב פלעגן טאַקע דערגיין צו מיר פאַרשידענע קלאַנגען. איך הער, ווי עס פאַלט אַראָפּ אַ שווערע משא אויפן שיפדעק, איך הער פאַרשטיקטע ווייטע קולות און טיילמאָל האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער די גלאָק, וואָס רופט די מאַטראָזן אויף דער וואַך...

פונדעסטוועגן וואָלט איך אייך נישט געוואָלט גאַראַנטירן, אַז דאָס איז טאַקע באמת געווען דער קלאַנג פון דער גלאָק. אַזוי האָט עס מיר אויסגעוויזן, און מיר האָט זיך געוואָלט גלויבן דערין...

מיר האָט זיך געוואָלט גלויבן דערין, ווי עס ווילט זיך גלויבן אַ מענטשן, וואָס איז אינגאַנצן אָפּגעשניטן פון דער וועלט, אַז ער שטייט נאָך אין פאַרבינדונג מיט מענטשן...

דערפאַר אָבער האָב איך מיך קיינמאָל נישט גענאַרט אין דעם צושטאַנד פון וועטער.

איך האָב זייער גוט געוווּסט, ווען אינדרויסן איז קיל, אָדער הייס, און צי דער ים איז רויק, אָדער פאַרכאַפּט פון אַ שטורעם.

לויט דעם גאַנג פון דער שיף האָב איך געוווּסט, וואָס אינדרויסן טוט זיך. אין דעם פּרט איז די שיף געווען אַ זעלטענער אינפאָרמאַטאָר.

לויט מיין „לוח“ איז אויסגעקומען, אַז אויפן זעקסטן טאָג האָט אויסגעבראָכן אַ מוראדיקער שטורעם, וואָס האָט געדויערט פערציק שעה (אַלץ לויט מיין צייט-רעכענונג)... די שיף איז

אַזוי געפלויגן אַרויף און אַראָפּ, אַז איך האָב געזען איר סוף אויפן גרונט פון ים.

קאַסטנס מיט פעסער האָבן זיך געשלאָגן, איבערגעפּאַקטע זעק האָבן געטאַנצט, ווי שיכורים און די ווענט האָבן געקרעכצט, פונקט ווי עס וואָלט זיי ווי טאָן...

איך האָב געהערט, ווי די צעקאָכטע, צעיושעטע כוואַליעס באַפאַלן די זייטן פון דער „אינקאַ" און ווילן זי צעקוועטשן פון גרויס רציחה...

אָבער מיר איז געווען אַזוי טריב, אַזוי ביטער אויף דער נשמה, אַז איך האָב נישט געשפּירט קיין שונא אין דעם שטורעם...

אדרבה, זאָל ער הוליען, זאָל ער שטיפן, זאָל ער אַרום-וואַרפן די שיינע „אינקאַ", ווי אַ פילקע, זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל, ווארים מיר איז סיי-ווי-סיי אַלצאיינס.

און נאָר אַ נאַר, אַ שוטה, אַ טעמפער יינגל וואָלט זיך געקענט שרעקן אויף מיין אָרט.

וואָס האָב איך מיך געהאַט צו שרעקן? וואָס פאַר אַ זון און וואָס פאַר אַ ליכט האָט מיר געגעבן דערדאָזיקער אונטער-דעק, אַז איך זאָל מיך נישט קענען שיידן מיט זיי?...

אַז אַ מענטש לעבט אינדערפינסטער, איז אים קיין זאַך נישט טייער.

פאַרקערט, גיכער האָב איך מיך געפרייט מיטן שטורעם — אפשר וועט נעמען אַ סוף צו די ליידן...

אָבער דער ים האָט זיך דאָך באַרויקט, דער שטורעם האָט זיך אויסגעלאָשן, די ווילדע כוואַליעס זענען אָפּגעפאַלן. די שיף האָט זיך ווידער קאָקעטיש געגליטשט איבער דעם גלאַטן שפיגל פון ים און די פעסער מיט די קאַסטנס און זעק האָבן זיך באַרויקט.

אין דיזאָזיקע שטורעם-טעג האָב איך דאָך נישט געקענט

שלאָפן. אַלץ האָט געקלאַפּט און גערוישט אַרום און די ים־קראַנקהייט האָט מיך געפּייניקט.

איבעריקנס, בין איך איינמאָל איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן הארטן שלאָף. צו דעמדאָזיקן שווערן שלאָף איז נאָך אויך צו־געקומען אַ פּיינלעכער חלום.

מיר האָט זיך געחלומט, אַז איך טרינק מיך און אַז עס איז נישטאָ, ווער עס זאָל מיך ראַטעווען...

דאָס וואַסער אַרום מיר האָט זיך געוואָרפן, ווי אין אַ קדחת. ווילדע פיש זענען געשפּרונגען פון די כוואַליעס און זיך געוואָרפן אויף מיר מיט אָפענע מיילער. באַזונדערס האָבן מיך געשראָקן די ים־קרעבס, וואָס זענען משונה גרויס און העסלעך.

איינער פון זיי האָט דווקא געוואָלט אַרויפקריכן אויף מיר און האָט מיך אַפילו אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט. איך האָב געזען זיינע קאַלטע בלוטדורשטיקע אויגן און זיין הינטער־ווייל־עכדיקע באַוועגונג פאַר אַן אָנפאַל.

און כאָטש איך האָב מיך בעת מעשה געטרונקען און די כוואַליעס האָבן מיך אַ ליאַדע מינוט געקענט פאַרשלינגען, פונ־דעסטוועגן האָב איך מיך מער געשראָקן פאַרן ים־קרעבס, ווי פאַר די כוואַליעס.

דער ים־קרעבס האָט מיך עפּעס פאַרמאַגנעטיזירט, פאַר־גליווערט, און איך האָב מיך נישט געקענט ראַנגלען מיט אים.

און ער איז געקראָכן צו מיר אַלץ נענטער, אַלץ נענטער און די כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהייבן איבער מיין קאָפּ...

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט אין גרויס פּחד און שרעק, אויפגעשפּרונגען, ווי משוגע אויף די פיס, אָבער באַלד דערויף צוריק אַנידערגעפאַלן און צוקלאַפּט זיך דעם קאָפּ אָן דעם ווענטל פון פאַס: דער ים האָט געוויגט, געטרייסלט און גע־שליידערט די שיף אַרויף און אַראָפּ.

## דאָס ווייטערדיקע לעבן.

ביי מיר איז דאָך פאַרבליבן די שפּירונג, אַז אַ ים-קרעבס האָט מיר דאָ אין אונטערדעק אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט. איך האָב נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיט מיר האָט זיך בלויז געשפּילט אַ שלעכטער חלום.

אויף דער הויט פון דער האַנט האָב איך נאָר געשפּירט די באַרירונג פון זיינע נאַסע טאַפּערס, און ס'האָט מיר שטאַרק געעקלט.

איך האָב מיך אַפילו נישט געפוילט און געמאַכט אַ רעוויזיע אויף מיין געלעגער: טאָמער וועל איך אפשר געפינען דאָסדאָזיקע ים-באַרזשעניש...

אַז אַ ים-קרעבס זאָל זיך געפינען אין אונטערדעק — דאָס האָט זיך מיר געלייגט אויפן שכל. פאַר אַזאַ מין בריאה איז אַן אונטערדעק גאָרנישט קיין שלעכטע דירה. דאָס דאַרף ער דאָ גאָר וווינען אין גרויס רחבות, און נישט איך.

עמעץ פון די מאַטראָזן האָט אים געקענט אַרײַנפּלאָזן אין אונטערדעק, ווי ער איז זיך די גאַנצע צייט געלעגן אין אַ

ווינקל, ביז עס איז אים איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף מאַכן אַ שפּאַציר איבער זיינע אומבאַקאַנטע נחלות.

אַזוי האָב איך מיך געטראַכט און כּסדר געבראָכן דעם קאָפּ איבער דעמדאָזיקן משונהדיקן חלום, וואָס האָט מיר אויסגעזען, ווי אַ שטיק רעאַלע ווירקלעכקייט.

נאָכדעם, אַז איך האָב מיך עטוואָס באַרויקט, האָב איך מיך אַ וואָרף געטאָן, ווי אַ חיה, צו די סוכאַרעס. איך האָב אייך שוין באַמערקט, אַז די ים קראַנקהייט צורייצט זייער דעם אַפּעטיט...

גאַנצע פיר סוכאַרעס האָב איך אַריינגעפּאַקט אין מאָגן און איך בין נאָך אַלץ געווען הונגעריק, ווי נאָך אַ תענית.

פון די סוכאַרעס בין איך איבערגעגאַנגען צום פעסל וואַסער און האָב אויך אַריינגעגאָסן אין זיך גאַנצע דריי פּאָרציעס...

מיטן וואַסער איז מיר, איבעריקנס, געווען נישט גאַנץ באַקוועם. איך האָב געמוזט טרינקען גלייך פון לעכל, וואָס איך האָב געמאַכט אין פעסל, און איך האָב מיך אַלע מאָל שטאַרק פאַרגאָסן...

מיר האָט געפעלט אַ גלאָז, אַ שעלכל, אַ שערבל.

ס'איז מיר שוין איינמאָל אַפילו איינגעפאַלן, איך זאָל מיר מאַכן מיין שוך פאַר אַ גלאָז און טרינקען פון אים. אָבער איך בין נאָך געווען צו יונג און צו „אַריסטאָקראַטיש" פאַר אַזאַ מין געפעס...

איך האָב אַלץ געטראַכט, וואָס טוט מען און ווי אַזוי מאַכט מען זיך באַקוועם דאָס טרינקען וואַסער. און אַז מען טראַכט לאַנג און מען שטרענגט זיך אָן, מוז מען עפּעס צוטראַכטן. און אָט האָב איך מיר צוגעטראַכט אַ גלאָז פונם פוטערוואַרג, וואָס האָט מיר געדינט פאַר אַ געלעגער...

אויסגעשניטן מיטן מעסערל אַ שטיקל פּוטעריוואַרג, האָב איך עס אויפגעדרייט ווי אַ לייקע און פאַרבויגט אונטן דעם שפּיץ. פריער האָב איך עס, נאַטירלעך גוט דורכגעוואַשן. אַזוי־אַרום האָב איך שוין געהאַט אַ גלאָז און געקענט טרינקען מיט גרויס רחבות און הנאה...

נאָכדעם, ווי איך האָב אַריינגעפּאַקט אין זיך גאַנצע פיר סוכאַרעס, האָב איך אַפילו באַשלאָסן, אַז איך זאָל אין דעם „טאָג" מער גאָרנישט עסן. מען קען דאָך טאַקע קיין חיה נישט זיין. פיר סוכאַרעס — דאָס זענען צוויי פּאָרציעס און מיט צוויי פּאָרציעס דאַרף מען געוויס קענען אויסהאַלטן דעם „טאָג"...

אָבער שטעלט אייך פאָר, אַז אין אַ וואָסערע צוויי, דריי שעה אַרום האָב איך ווידער דערשפּירט אַזאַ הונגער, פּונקט ווי איך וואָלט פריער געפאַסט אַ פּאָר טעג.

דער מאָגן האָט געמאָנט עסן מיט דער גרעסטער עקשנות.

נאָך אַ לאַנגן געראַנגל מיטן מאָגן האָב איך גענומען אַ סוכאַר און האָב אים צעטיילט אויף צוויי חלקים: איין חלק האָב איך אַוועקגערוקט ווייט פון זיך און דעם צווייטן האָב איך צוגעביסן מיט וואַסער...

נאָכדעם האָב איך מיך אויסגעצויגן אויף מיין געלעגער און זיך צוגעדעקט מיט אַ ווייל קאָלדרעלע, אויך פון פּוטער־וואַרג, וואָס איך האָב ווידעראַמאָל אַרויסגעשלעפּט פון דעם טיפן געבענטשטן קאַסטן.

די לעצטע טעג זענען געווען זייער קאַלטע.

די שיף האָט זיך, קענטיק, אַריי.געשניטן אין קאַלטע ים־ספערן. פאַר מיר איז דאָס אייגנטלעך געווען, ווי געוווּנטשן: די פאַרעיפּושטע לופט האָט זיך אַ ביסל דורכגערייניקט...

מען האָט געקענט פרייער אָפּאָטעמען.

אָבער נישט אויף לאַנג. אין אונטערדעק איז ווידער גע־וואָרן הייס, און די לופט איז מיר געפאַלן, ווי אַ דושנע כמאַרע אויף די לונגען, אויפן האַרץ...

איצט זעבען מיר, אפנים, געגאַנגען קיין דרום און זיך דערנענט צום הייסן גאַרטל.

דאָס קאָלדרעלע אָבער האָט מיר פאַרשאַפט אַזויפיל פאַר־געניגן (קיין אַנדערע פאַרגעניגנס האָב איך דאָך נישט געהאַט), אַז איך האָב עס מיר אַרויפגעשלעפּט אויף די פיס און געקוקט מיט אָפענע אויגן אין דער שוואַרצקייט אַריין...

נישט ווייט פון מיר, אויף דער באַלקע, איז געלעגן מיין זייגערל און שטיל געזונגען זיין טיק־טאַק־זמרל...

איך בין געלעגן און געטראַכט.

איך האָב פאַוואָליע געטראַכט פון הענרי בלו, פון דער נאַכט מיטן אינדזעלע, פון פעטער מיט זיינע טאַדעס שעפסן, פון דער זון, פון ליכטיקע הייסע זומער־טעג, פון שטיפערישע קינדער, פון נישט אַרעסטירטע פרייע מענטשן...

איך האָב געהאַט אַ געוואַלטיקן חשק צו שפּאַצירן איצט אַ ביסל אין פעלד, צו שטיין ביים ברעג ים, צו שיפן זיך לייכט אין אַ לאָדקעלע, צו פאַרברענגען מיט חברים, מיט הענרי בלו, צו ריידן סתם מיט אַ מענטשן, אפילו מיט אַ ווילד־פרעמדן...

„וואָלסטו דאָס געגלייבט, — האָב איך איינגעטענהט מיט זיך, -- אַז דו וועסט אַמאָל דאַרפן ליגן אין אַ שוואַרצער קאַנורע, אָן לופט און אָן ליכט, ווי אַ פאַרשטיקט מייזל, און קיינער וועט נישט וויסן, ווו דיין געביין איז אַהינגעקומען?...

דער פעטער האָט דיך זיכער לאַנג אַרומגעזוכט, און ביי אונדז אויפן ברעג שמועסט מען זיכער וועגן דעם, אַז איך בין דער־טרונקען געוואָרן... און ס'איז גאָרנישט ווייט פון אמת... וואָס

איז דער אונטערשיד צווישן מיר און אַ דערטרונקענעם? כּמעט איינס און דאָסזעלבע... אמת, איך אָטעם נאָך, איך האָב סוכאַרעס, אָבער אָטעמען אַליין איז נאָך ווייניק: מען דאַרף נאָך לעבן אויך..."

אַזוינע רעיונות האָבן זיך מיר געדרייט אין קאָפּ און די צייט איז דערווייל געשוווּמען איבער מיר.

איך האָב מיר משער געווען, אַז ס'איז שוין געווען שפּעט. מען דאַרף זיך, אַלזוי, נעמען צו דעם צווייטן האַלבן סוכאַר און זיך לייגן שלאָפן.

איך האָב מיך אויפגעזעצט און געמאַכט אַ באַוועגונג צו מיין „טישל". טישל האָט איצט געהייסן די פריער דערמאַנטע באַלקע, וואָס האָט זיך געצויגן ביי אַ מעטער הויך איבער מיין געלעגער.

אויף דעמדאָזיקן טישל איז שטענדיק געלעגן מיין זייגערל, מיינע סוכאַרעס, אַ שטעקעלע, אויסגעשניטן פון קאַסטן-האָלץ, אויף וועלכן איך האָב אַלע טאָג געמאַכט אַ קאַרב, דאָס הייסט אַ צייכן פון אַ פאַרגאַנגענעם טאָג און אַזויאַרום עס פאַרוואַנדלט אין אַ מין לוח, מיין „גלאָז" און אַנדערע קליינינקייטן.

אָנגעגאָסן וואַסער אין „גלאָז", כּדי צו פאַרטרינקען דער- מיט דעם האַלבן סוכאַר, האָב איך אויפגעהייבן די האַנט צום „טישל", אָבער שטעלט אייך פאָר: איך האָב דעם האַלבן סוכאַר נישט געפונען...

אַלץ איז געלעגן אויף זיין אָרט: דאָס „גלאָז", דער „לוח", דאָס זייגערל, דער האַלבער סוכאַר איז אָבער נישט געווען.

איך האָב געמאַכט אַ גרינדלעכע רעוויזיע אויף מיין גע- לעגער, אין די זייטיקע ווינקעלעך אַרום מיר, איך האָב אומעטום געזוכט, ווי איך האָב נאָר געקענט, אָבער אָן ערפאָלג: דער סוכאַר איז איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד...

שווימט, אַזוי, אַרויס אַ שפּאָגלנייע פראַגע: ווער איז דאָ געווען און ווער האָט מיר געקענט צולקחנען דעם סוכאַר?

אפשר האָב איך אים אויפגעגעסן און איך געדענק אַליין נישט? טיילמאָל האָב איך מיך געקוויינקלט, ווי איך וואָלט אַליין נישט זיכער געווען, צי איך האָב אים אויפגעגעסן, צי נישט.

אויב איך האָב אים באמת אויפגעגעסן, דאַרף עס מיר דינען פאַר זייער אַ שלעכטן סימן — דאָס באַווייזט, אַז איך האָב לגמרי פאַרלאָרן דעם זכרון און דאָס, ווידער, הייסט, אַז די ווירקונג פון קעלער לאָזט זיך שוין שטאַרק מערקן אויף מיר...

וועל איך נישט שטאַרבן פון הונגער און דורשט, וועל איך אַזוי משוגע ווערן אָדער איך וועל ווערן אַ קאַליקע, אַן אינוואַליד...

איך האָב גענומען אָנשטרענגען דעם זכרון, ווי ווייט עס איז נאָר געווען מעגלעך. איך האָב גענומען אונטערן קאָנטראָל פון זכרון דאָס גאַנצע שטיק צייט, וואָס איך בין געווען וואַך, אַדורכגעזוכט און אַדורכגענישטערט יעדע מינוט, יעדע רגע און בין דאַך געקומען צו דער דעה, אַז איך האָב דעם האַלבן סוכאַר נישט אויפגעגעסן...

אַזוי, בלייבט הענגען אינדערלופטן אַ ווילדע קשיא, און איין גאָט ווייס, צי איך וועל אַזוי גיך באַקומען אַן ענטפער אויף איר.

עסן האָב איך שוין נישט געוואָלט, האָב איך נאָר אויסגעטרונקען אַ פּאָרציע וואַסער און זיך צוריק אויסגעצויגן אויפן געלעגער.

די שיף האָט זיך שטיל געוויגט, די כוואַליעס האָבן געפּאַטשט אירע זייטן, ווי נעכטן און מאָרגן און ווי איבערמאָרגן, און אַ מידער פון דידאַזיקע מאָנאָטאָנע קלאַנגען און איבערלעבונגען, בין איך באַלד איינגעשלאָפן.

# אַ גאַסט אין אונטערדעק.

מיין שלאָף איז אָבער נישט געווען קיין טיפער: מעגלעך, אַז דער הונגער האָט מיר געשטערט, אָדער אפשר די קשיא, וואָס איז געבליבן הענגען אידערלופטן, אָן אַן ענטפער, האָט מיך אַ ביסל דענערווירט, נאָר איך געדענק, אַז איך האָב מיך אַ פּאָר מאָל אויפגעכאַפּט און זיך אַרומגעקוקט אינדערפינסטער...

נאָכדעם האָב איך דערהערט עפּעס אַ גערויש, וואָס אי'ז לגמרי נישט געווען ענלעך צו די געוויינלעכע קלאַנגען פון אונטערדעק.

דער גערויש איז געגאַנגען פון יענעם ווינקל, ווו עס זענען געשטאַנען מיינע שיך...

מען האָט געקענט דייטלעך הערן, ווי עמיצן שלעפּט זיי צו זיך און גריזשעט זיי...

איך האָב מיך אויפגעזעצט, אַ מטושטשער.

ווער קען דאָס זיין? אפשר דער ים-קרעבס, נישט גע-דאַכט זאָל ער ווערן!

איצט בין איך שוין געווען זיכער, אַז מיט מיין זכרון האַלט גאָרנישט אַזוי שלעכט און אַז דעם האַלבן סוכאַר האָט אַוודאי אויפגעפרעסן דידאָזיקע עקלדיקע בריאה...

דאָס האַרץ איז מיר פאַרלאָפן מיט גרימצאָרן. זיך אויפגעהייבן אויף די קני, האָב איך געוואָלט מיט איין באַוועגונג פּאַקן אינדערפינסטער דעמדאָזיקן מזיק און זיך אָפּרעכענען מיט אים, ווי געהעריק, אויף דער וועלט.

אָבער אין דער אייגענער רגע איז דער גערויש אָפּגעשטאָרבן און איך האָב ווידער דערשפּירט די שטענדיקע שטילקייט, געמישט מיט די געוויינלעכע קלאַנגען פון אונטערדעק.

איך האָב אויסגעצויגן די האַנט צו מיינע שיך: זיי זענען געשטאַנען אויף זייער אָרט, און אַלץ איז געווען אין אָרדענונג.

האָב איך מיך צוריק אַנידערגעלייגט אויפן געלעגער, אָבער מיט אויסגעשפּיצטע אויערן. איך האָב נישט געקענט שלאָפן. איך בין געווען זייער נייגעריק צו וויסן, וואָס דאָ טוט זיך אַרום מיר.

איך בין געלעגן אָן שום באַוועגונג, ווי אַ טויטער, אָבער מיט אַ שטאַרקן געפיל פון אַ יעגער, און איך האָב מיך דערוואַרט: דער באַקאַנטער גערויש האָט זיך ווידער דערהערט...

עמעץ שלעפּט מיינע שיך, עמעץ גריזשעט זיי, עמעץ פּאָרעט זיך אַרום זיי.

אָבער אַז איך האָב מיך געפּרוווט אויפהייבן פון אָרט, איז באַלד שטיל געוואָרן, פּונקט ווי דערדאָזיקער „עמעץ" וואָלט אין אַ רגע אָפּגעשטאָרבן...

איצט האָב איך שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

„אַזוי... – האָב איך שטיל געשעפּטשעט צו זיך, ווי צו אַ חבר. – איז עס, הייסט עס, גאָרנישט קיין קרעבס, אומזיסט באַליידיקט אין די רעיונות דידאָזיקע אומשולדיקע בריאה...

דער געוויש פון אַ קרעבס שטאַרבט נישט אָפּ מיטאַמאָל... אַ קרעבס איז צו לאַנגזאַם און צו אומגעלומפּערט אין זיינע באַוועגונגען. דאָס איז, גוטער ברודער, אַ מויז... איך קען זיי, דידאָזיקע חברה־לייט... איך קען זייער גניבישן שאַרך און זייער מערקווירדיקע געדולט... דאָס מייזל וועט זיך שוין אַזוי כסדר אַרומפּאָרן אַרום מיינע שיך. וועל איך אויפשטיין, וועט זי אַנטרונען ווערן, ווי אַ בליץ, וועל איך מיך אַנידערלייגן, וועט זי ווידער קומען... גייט זי צו אַלדי רוחות, לאָמיר ווידער שלאָפן...״

אַזוי האָב איך מיך אויסגעשמועסט מיט זיך און צוריק זיך אַנידערגעלייגט אויפן געלעגער...

איך האָב געוואָלט איינשלאָפן.

אָבער אומזיסט. האָב איך נאָר צוגעמאַכט די אויגן, האָב איך דערהערט אַזאַ ראַצן מיט אַזאַ גריזשען, אַז איך האָב מיך געמוזט ווידער אויפזעצן.

אמת, מיין צוקונפט איז נאָך פאַר מיר אַליין נישט קלאָר און גאָט ווייס, וואָס מיט מיר קען נאָך געשען, אָבער דערווייל לעב איך נאָך, און אַז מען לעבט, האָבן נאָך שיך אַ שטיקל ווערט...

וועל איך לאָזן די שיך פאַר די מייז, וועט שוין זיין אַז אָך און ווי צו זיי — נישט צו די מייז, נאַטירלעך, — נאָר צו די שיך.

אַ צורייצטער בין איך אויפגעשפרונגען און זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די שיך...

„עמעץ״ איז בליצשנעל אַנטרונען געוואָרן. די שיך זענען צוגריזשעט, צוקאַליעטשעט...

אפנים, אַז איך האָב דאָ צו טאָן נישט מיט איין מויז, נאָר מיט אַ גאַנץ חברהלע, און זיי אַרבעטן געשמאַק איבער מיינע שיך...

וואָס האָב איך געוואָלט טאָן? האָב איך גענומען די שיך און זיי אַוועקגעשטעלט לעבן מיר צוקאָפּנס.

איצט האָב איך שוין געקענט שלאָפן רויק. איך וועל דאָך נישט פאַרפירן אַ מלחמה מיט מייז אויף אַ גאַנצע נאַכט?...

איך בין געווען מיד און אויפגערעגט און האָב באַלד איינגעשלאָפן.

אָבער ווי איך האָב נישט געוואָלט שלאָפן, האָב איך מיך דאָך געמוזט פונדאַסניי אויפוועקן: מיר האָט זיך געדאַכט, אַז לאַפּקעלעך שפּרינגען מיר אויף די פיס...

„וואָס טוט מען מיט זיי? — האָב איך מיך אַ פרעג געטאָן מיט קאָמישן פאַרדרוס. — זיי לאָזן דאָך נישט שלאָפן? די בעסטע זאַך וועט זיין, ווען איך וועל פּאַקן איינע און וועל זיך אָפּרעכענען מיט איר... אַז איינע וועט זיך גוט באַצאָלן, וועלן די איבעריקע נישט קומען. לאָמיר נאָר ליגן רויק און אָפּוואַרטן..."

איך האָב מיך צוריק אַנידערגעלייגט און בין געלעגן אָן שום באַוועגונג, אָבער מיט דער האָפענונג, אַז איינע וועט זיך מסתמא גוט באַצאָלן פאַר מיין נישט שלאָפן און פאַר מיינע צוגרייזשעטע שיך.

און איך האָב מיך נישט טועה געווען אין מיין חשבון: אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערשפּירט אַ לײַכטע באַוועגונג אויף מיין קאָלדרעלע, פריער ביי די פיס, נאָכדעם נענטער צו דער ברוסט...

מען גייט איבער מיר, אָבער מיט גאַנץ שווערע לאַפּקעלעך... ניין, אַ מייזל וועגט נישט אַזויפיל. דאָס איז אַוודאי נישט קיין מייזל. טאָ וואָס איז דאָס?

איך האָב מיך אָנגעשטרענגט און — באַך מיט אַ פלינקער האַנט אויפן חיהלע...

אָבער בררררר!... נישט קיין מייזל, נישט קיין שטיל-

שאַכיק בריאהלע האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט, נאָר אַ גרויסע שווערבייכיקע קריסע, אַן עקלדיקע קריסע, גרויס כמעט ווי אַ יונג קעצל!...

פון אירע שאַרפע ציין, פון איר עקלדיקן קוויטשל און פון דער רציחה, מיט וועלכער זי האָט מיר איינגעביסן דעם ווייז־פינגער, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ קריסע און נישט עפעס אַנדערש... צווייפלען דערין האָט מען שוין נישט געקענט.

פאַר איר ביס האָב איך זי מיט אַלע כוחות אַ שליידער געטאָן ערגעץ ווייט איבער די קאַסטנס און אַליין האָב איך מיך גענומען צוהערן, צי זי באַוועגט זיך ערגעץ, צי נישט. איך מוז מיך מודה זיין, אַז איך האָב מיך עטוואָס געשראָקן פאַר איר. אַ שווייס האָט מיר אַפילו אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן...

מען קען נישט זאָגן, זי האָט זיך מסתמא אויך דערשראָקן, אָבער זיכער ווייניקער פון מיר. דער בעסטער סימן איז דאָס, וואָס זי האָט זיך נישט פאַרלאָרן און האָט מיר גוט איינגעביסן דעם פינגער...

אַזויאַרום איז זי אַרויס די זיגערין פון אונדזער קורצן מלחמהלע...

איך בין געבליבן זיצן מיט אַ שטאַרקן ווייטיק אין פינגער.

אַ ביסל בין איך אַפילו געווען צוטומלט. קענטיק, אַז איך קען מיך בעסער ראַנגלען מיט נאַכטשטורמס און שוואַרצע אונ־טערדעקן, איידער מיט קריסעס.

איך האָב נישט געוווסט, וואָס איך זאָל דאָ טאָן: צי פאַרבאַנדאַזשירן דעם פינגער, צי זיך צוהערן צו דער קריסע? מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי גייט און וויל מיך ווידער באַפאַלן,
פונדעסטוועגן בין איך נאָך געווען אויף אַזויפיל מוטיק,

אַז איך האָב מיר געלאָזן אַרומגעבונדן דעם פינגער מיט אַ שטיקל שטאָף, וואָס איך האָב אָפגעריסן פון מיין העמד...

וועגן שלאָפן האָט שוין, נאַטירלעך, קיין שום רייד נישט געקענט זיין. איינגעשלאָפן האָב איך ערשט „אינדערפרי״, נאָכ־דעם, ווי איך האָב שעהנלאַנג נישט געקענט צומאַכן מיט אַן אויג און אויך אין שלאָף האָבן מיך געמאַטערט און געפייניקט קריסעס, קרעבסן און פיפערנאָטערס...

ביזן איינשלאָפן האָב איך די קריסע שוין מער נישט גע־הערט. מעגלעך, אַז זי האָט געכאַפּט אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ פון שליידער, אַז זי האָט צובראָכן די פלינקע ביינדלעך אירע און איז געבליבן ערגעץ ליגן אָן אַן אָטעם.

איצט האָב איך געהאַט נייע זאָרג אויפן קאָפּ.

זאָרג נישט וועגן שפּייז־פּראָדוקטן, נישט וועגן וואַסער, נישט וועגן ליכט און לופט, נאָר וועגן קריסעס...

אין אַ שיפקעלער קומען צו אַלע ווײַלע אַלץ נייע שלעק און פּלאָג און אַנשיקעניש. מען קען זיך דאָ קיינמאָל נישט באַרויקן.

פאַר מיר איז געוועזן קלאָר, אַז קוים איז דאָ איין קריסע, מוז זיין נאָך אַ צווייטע, אַ גאַנצע משפחה, הונדערט משפחות.

און ווי באַלד אַזוי, מוז מען דאָך געפינען עפּעס אַ מיטל צו זיי? (אָך, דידאָזיקע מיטלען, דער מוח האָט מיר שוין אויסגעדאַרט פון זיי!). זיי וועלן דאָך מיר אויפפרעסן מיינע סוכאַרעס און וועלן מיר קאַליע מאַכן מיין געלעגער, בכלל אַלץ, וואָס איך האָב דאָ מיט זיך און לעבן זיך.

וואָס קען דאָ אָבער זיין פאַר אַ מיטל און וואָס קען איך דאָ, משטיינס־געזאָגט, אויסטראַכטן און אויסקלערן אין דעמ־דאָזיקן אונטערדעק, ווו איך האָב נישט קיין שום אינסטרומענט און קיין ליכט!

מיט יעדער מינוט בין איך אָבער געוואָרן אומרויקער און אויפגערעגטער, און דער פּחד האָט אין מיר געוואַקסן, ווי אויף הייוון.

דער פינגער, וואָס זי האָט מיר איינגעביסן, איז אָנגעשוואָלן געוואָרן. איצט האָט מיר שוין ווי געטאָן נישט בלויז דער פינגער אַליין, נאָר די גאַנצע האַנט...

איך האָב מיך אַנידערגעזעצט מיט פאַרביסענע ציין און געקוקט אינדערפינסטער, ווי אַ צעמישטער.

איך האָב ווידער גערעדט צו זיך:

„מילא, אַז איך בין וואַך, קען איך מיך נאָך אַן עצה געבן מיט זיי, אָבער וואָס טו איך, אַז איך וועל איינשלאָפן און זיי וועלן מיך באַפאַלן? זיי קענען מיך דאָך פשוט צעבייסן און צערייסן און דערצו נאָך פאַרסמען דאָס בלוט. אַ קלייניקייט, אַ קאַמף מיט קריסעס אינדערפינסטער! אַ מענטש איז בלינד אינדערפינסטער, אַ קריסע האָט דעמאָלט הונדערט זעענדיקע אויגן!..“

פון ים־לייט האָב איך מיך אָנגעהערט, אַז אַ קריסע, כאָטש זי איז אפילו קליין, איז זי דאָך אַ געפערלעכע חיה. איר ביס קען אַמאָל זייער שאָדן און איר רציחה און דרייסטקייט זענען ענלעך צו דער רציחה און דרייסטקייט פון אַ שלאַנג...

וואָס טוט מען פאָרט?

איך האָב געבראָכן, געבראָכן מיין אָרעמען מוח און דאָך גאָרנישט געקענט צוטראַכטן.

דאָס איינציקע, וואָס איך האָב דערווייל געטאָן, איז דאָס, וואָס איך האָב אַרומגעשטעלט און אַרומגעהאָנגען מיין קאָנורעלע, אַז זיי זאָלן נישט קענען אַזוי לייכט אַריינדרינגען צו מיר...

און ווייטער האָב איך באַשלאָסן, איך זאָל מיך ראַנגלען מיט זיי נישט מיט גאָלע הענט. דאָס איז צו געפערלעך פאַר

מיר. אזוי ווי איך האָב נישט קיין הענטשקעס, זאָל איך כאָטש אָנטאָן מיינע שיך אויף די הענט און אַזוי, מיט אַזאַ מין פּאַנצער, אַרויסגיין אין שלאַכט...

קיין אַנדער עצה האָב איך דערווייל נישט געהאַט.

איך האָב אַוועקגעשטעלט די שיך לעבן זיך און גענומען אָפּוואַרטן דעם שונא...

קיין סך וואַרטן האָב איך נישט באַדאַרפט. אין מיין אַרומגעשטעלטער און אַרומגעהאַנגענער קאָנורע האָב איך דערהערט דאָס באַקאַנטע עקלהאַפטע קוויטשל פון אַ קריסע.

באַלד דערויף האָב איך דערהערט אירע אומרויקע טריטלעך און דערשפּירט אירע קאַלטע נעגלדיקע לאַפּקעס אויף מיינע פיס...

און די שלאַכט האָט זיך אָנגעהייבן פונדאָסניי.

עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ געיעג נאָך דער קריסע, אַ געיעג פון אַ בלינדן יינגל מיט צוויי גרויסע שיך אויף די הענט.

מיין פּלאַן איז געווען זייער אַן אַכזריותדיקער: צושטיקן זי מיט די צוויי שיך צו דער פּאָדלאָגע, אַזוי, אַז זי זאָל זיך גלייך באַצאָלן מיטן לעבן אונטער מיינע הענט.

פשוט טויטן אָן שום רחמנות יעדע קריסע, וואָס וועט זיך נאָר ווייזן אין מיין גבול...

די שלאַכט צווישן מיר און דער קריסע איז אפילו אָנגעגאַנגען אָן אַרטילעריע און אָן אינפאַנטעריע, אָבער זי איז אויך געווען געגנוג היציק. איינמאָל איז מיר אַפילו געלונגען צוצודריקן דעם שונא צו דער פּאָדלאָגע און ער האָט שוין אַרויסגעלאָזט אַזאַ פאַרצווייפלטן קוויטש, פונקט ווי דאָס לעבן עקט זיך אים, אָבער ער האָט זיך דאָך אַרויסגעדרייט און איז מיר אַנטרונען געוואָרן פון אונטער די שיך...

אַ קריסע איז אָבער זייער אַ פּאַרעקשנטע חיה און ווייס כמעט נישט פון שרעק. איך האָב געוווסט, אַז איך וועל זי באַלד ווידער האָבן אויפן קאַמפּספּלאַץ און די שלאַכט וועט זיך אָנהייבן פונדאָסניי.

און די שלאַכט האָט זיך טאַקע ווידער צעברענט אין פינף מינוט אַרום, און נאָך מיט מער רציחה און פאַרביסנקייט, ווי פריער.

און פּלוצלונג... קינדער, פּלוצלונג איז געשען עפּעס אַזויגס, וואָס האָט מיך איבערגעשווידערט פון קאָפּ ביז די פיס, פונקט ווי עמעץ וואָלט מיר באַגאָסן דאָס לייב מיט אייז-קאַלטן וואַסער...

די קריסע איז מיר אַרונטערגעשפּרונגען אונטער די הייזן...

אַ געמיש פון מוראדיקן פּחד און געוואַלטיקן גרימצאָרן איז מיר גלייכצייטיק באַפאַלן, איך האָב אויף דער גיך אַראָפּגעשלײדערט די שיך פון די הענט און מיט פאַרדריקטע ציין זיך אַ וואָרף געטאָן צו מיינע הייזן. מיינע הייזן זענען געווען פון האַרטן גראָבן שטאָף און זיי האָבן מיר פּיל-ווייניק געקענט באַשיצן פאַר די שאַרפע ציין פון דערדאָזיקער בלוטדורשטיקער חיה.

אַ כאַפּ געטאָן זי אין דעם פּאַנצערל פון מיינע הייזן, האָב איך זי מיט אַלע כוחות צוגעדריקט, און איר קוויטש האָט מיר בעת מעשה געלעכערט דאָס אויער מיט זיין שאַרפקייט.

מיר האָבן זיך ביידע געראַנגלט אויף לעבן און טויט.

געזיגט האָב איך, נאַטירלעך, און פון איר לעצטן האַלבן קוויטשל וואָס זי האָט אַרויסגעלאָזט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיין שונא איז טויט, ווי אַלע טויטע...

איך האָב דעם בר-מינן אַרויסגעטרייסל, פון די הייזן און פאַרשלײדערט ווייט אַריבער די קאַסטנס און פעסער.

דאָס איז געווען מיין ערשטער נצחון אין דעמדאָזיקן אונטערדעק.

## עס גייען לעגיאָנען.

נאָך דער שלאַכט האָב איך מיך געוואָלט אויסרוען. די אויגן האָבן זיך מיר געקלעפּט פון מידקייט, אין האַרץ האָט געברענט עפּעס אַ פּאַרדרוס אויף זיך, אויפן אייגענעם לעבן, וואָס גייט אַוועק אויף אַ קאַמף מיט קריסעס.

איך האָב מיך אויסגעצויגן אויף מיין געלעגער און צוגעמאַכט די אויגן. איצט בין איך געווען זיכער, אַז איך וועל מיך קענען, ווי געהעריק, אויסשלאָפן.

ס'איז מיר אָבער, קענטיק, נישט באַשערט געווען. סאַמע אינמיטן שלאָף האָב איך פּלוצלונג דערהערט, ווי עמעץ טאַנצט מיר אויף דער ברוסט.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט מיט אַ בייז געפּיל, מיט אַ האַרץ פול מיט גרימצאָרן, און פּהרף-עין זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ פּליגקער האַנט צו דער פאַרשאָלטענער קריסע.

ס'איז מיר געלונגען — איך האָב זי באַלד געפּאַקט. אַ גרויסע קריסע, כמעט ווי אַ קאַץ, האָט זיך געוואָרפן אין מיין האַנט, געוואָרפן, געוואָרפן און זיך אַרויסגעגליטשט...

איך האָב מיר נישט געקענט מוחל זיין מיין מפּלה...

די קריסע איז אַנטרונען געוואָרן, און איך בין געבליבן דער שוטה...

שלאָפן האָב איך שוין ווידער נישט געקענט. קען מען דען שלאָפן צווישן קריסעס? ווען זיי דען לאָזן שלאָפן?

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך ווידער דערהערט אַ קוויטשל...

איך האָב אויף דער גיך פאַרבונדן פון אונטן די הויזן, געכאַפּט מיינע שיך, אַרויפגעוואָרפן זיי אויף די הענט און זיך אַנגעבויגן, גרייט צו דער שלאַכט.

אָבער דאָס איז שוין נישט געווען אַ קאַמף מיט איין קריסע. די גאַנצע קאָנורע איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט דידאָ־זיקע העסלעכע ברואים. איך האָב געהערט, ווי זיי פליען משוגענערווייז אַרום מיר, ווי זיי קוויטשען נצחונדיק און קלאַפּן מיט די לאַנגע עקן איבער דער פּאָדלאָגע.

איך האָב געהערט, ווי זייז טרעטן מיר אויף די פיס און שרעקן זיך גאָרנישט...

ניין, דער פּחדן בין איך גאָר געווען, אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט מיר געקלאַפּט און אַ צומישטער בין איך געשטאַנען און נישט געוווסט, וואָס צו טאָן.

און וואָס האָט מען באמת געקענט טאָן מיט אַזוינע לעגיאָנען, וואָס האָבן שאַרפע ציין און בייסיקע פּיסקעס, און וואָס זענען בלוטדורשטיק און שלעכט נישט ערגער פון שלאַנגען?

אַ צומישטער, אַן איבערגעשראָקענער אויף טויט, מיט קלאַפּנדיקע ציין אין קאַלטע דזיאַסלעס, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן מיין קורטקעלע, גענומען פּאָכען דערמיט אַרום זיך און שרייען מיט נישט קיין מענטשלעכע קולות, ווי מען שרייט אין אַ וואַלד אונטער די הענט פון אַ גזלן...

די אייגענע קולות האָבן מיר צוגעגעבן קוראַזש, און איך

האָב געגומען האַקן מיטן קורטקעלע איבער דער פּאָדלאָגע אויף רעכטס און אויף לינקס...

איך ווייס נישט, ווען איך האָב געשלאָגן און וואָס איך האָב געשלאָגן. איך ווייס נאָר, אַז ס'איז געוואָרן שטיל אַרום מיר און די קריסעס־לעגיאָנען זענען אַנטרונען געוואָרן.

קיין איין קריסע איז נישט פאַרבליבן אין מיין קאָנורע...

אַלע, אַלע האָבן מיך פאַרלאָזט, און איך האָב אָפּגעצויגן דעם אָטעם...

אויף אַ ווײַלע אָפּגעצויגן דעם אָטעם, וואָרים איך האָב מיך בשום אופן נישט געקענט באַרויקן.

איך האָב איצט געוווּסט, אַז אין אונטערדעק וווינען הונדערטער און אפשר טויזנטער קריסעס. אין מיין קאָנורע איז אַריין בלויז איין טייל פון זיי און דער איבעריקער עולם האָט זיך מיט גרויס קוויטשעריי געדרענגט הינטער די קאַסטנס און פעסער. טויזנט קריסעס — דאָס איז אַ געוואַלטיקער כּוח, קעגן וועלכן איך אַליין בין אָנמעכטיק.

אויב די דאָזיקע לעגיאָנען וועלן אויפֿרעסן אַלץ, וואָס איז נאָר דאָ אין אונטערדעק, און פרעסערס זענען זיי דאָך גרויסע, מוראדיקע, וועלן זיי זיך דעמאָלט נעמען דירעקט פאַר מיין גוף...

און זיי וועלן זיכער מנצח זיין!

הוצדעם, וואָס זיי זענען שטאַרקער פאַר מיר, בין איך דאָך אומבאַהאָלפן־בלינד אין קאַמף מיט זיי. בשעת איך גיב שוין יאָ אַ קלאַפּ, ווייס איך דאָך נישט ווען איך קלאַפּ — צי זיי, צי די פּאָדלאָגע...

איך האָב נאָך אַמאָל געהערט, אַז דער דאָזיקער מין קריסעס איז בכלל דער ערגסטער און דער בלוטדורשטיקסטער.

זיי וואַרפֿן זיך אַפֿילו אויף גרויסע חיות, אויף הינט און אויף קעץ און זענען על־פּי־רוב די זיגער.

אין ענגלאַנד הייסן דידאָזיקע קריסעס „נאָרוועגישע", ווייל זיי זענען אַהין פֿאַרשלעפּט געוואָרן אויף אַ נאָרוועגישער שיף.

איך ווייס נישט, צי סקאַנדינאַוויע איז טאַקע באמת זייער היים, אָבער איצט, נאָכדעם ווי איך בין אויסגעווען אַ וועלט און מיינע האָר זענען ווייס געוואָרן פֿון די כוואַליעס פֿון ים און פֿון לעבן, קען איך אייך פֿאַרזיכערן, אַז איר וועט זיי געפֿינען אומעטום.

נישטאָ קיין איין טייל וועלט און נישטאָ קיין איין מדינה, וואָס איז נישט פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון דידאָזיקע קריסעס־לעגיאָנען. און נאָכמער: ווען די נאָרוועגישע קריסעס ווייזן זיך ערגעץ אין אַ נייעם אָרט, ווערן אָפּגעמעקט פֿון דער ערד די אַלע אַנדערע מינים מייז און קריסעס.

זיי פֿאַרצוקן, קענטיק, די מינים פֿון דער אייגענער ראַסע...

באַזעצן זיי זיך ערגעץ אין אַ נייעם אָרט, ווייזן זיי אַרויס אַ זעלטענע דרייסטקייט אין באַצוג צו אַ מענטשן. זיי שרעקן זיך נישט פֿאַר אים און שפּרינגען אים מוטיק סאַמע אונטער די פֿיס.

ביי די טראָפּיקעס לעבן זיי פּשוט אונטערן פֿרייען הימל, נישט אין נאָרעס, און זוכן זיך גאָרנישט אָפּ קיין ווינקעלעך, וווּ מען זאָל זיך קענען פֿאַרבאָרגן אין אַ מינוט פֿון אַ סכּנה...

און טיילמאָל, אין אַ העלער לבֿנה־נאַכט, קען מען זען, ווי עס מאַרשירן אין רעגלמעסיקע רייען גאַנצע לעגיאָנען קריסעס: מען גייט מאַכן אַן אָנפֿאַל אָדער מען גייט זוכן עסן... און טרעפֿן זיי אַ מענטשן אין וועג, ווערט אַ קליינער זיגזאַג אין זייערע רייען, וואָס גלייכן זיך אָבער ווידער אויס און מען מאַרשירט ווייטער אין גרויס אָרדנונג.

דידאָזיקע עקלהאַפֿטע קריסעס קען מען איצט טרעפֿן אין די דרומדיקע שטאַטן פֿון אַמעריקע, אין מערב־אינדיע, אין אַפֿריקע, אין אייראָפּע. די אַמעריקאַנישע האַפֿנס זענען ממש אָנגעפּראָפּט מיט זיי, נישט געקוקט דערויף, וואָס מען ווענדט דאָרט אָן קעגן זיי אַלע מעגלעכע מיטלען.

בשעת איך האָב געפֿירט אַ מלחמה מיט די קריסעס אויף די פֿינסטערע קאַמפּפֿעלדער פֿון אונטערדעק, האָב איך, נאַטירלעך, דידאָזיקע פּרטים נישט געוווּסט. אָבער מען קען דאָך נישט זאָגן, אַז איך בין נישט געווען מסוגל אָפּצושאַצן, ווי געהעריק, די געפֿאַר, וואָס מיר איז פֿאָרגעשטאַנען מצד זייערע לעגיאָנען. און דעריבער האָב איך מיך טאַקע נישט געקענט באַרויקן.

דער געדאַנק, אַז דידאָזיקע, קיינמאָל נישט געזעטיקטע פֿרעסערס קענען מיך פּשוט אויפֿעסן, האָט מיך אַריינגעוואָרפֿן אין היץ און אין קעלט. די האָר האָבן זיך מיר אויפֿגעשטעלט אויפֿן קאָפּ און דאָס בלוט האָט געגליווערט אין די אָדערן.

אָבער מען דאַרף דאָך פֿאָרט עפּעס פֿאַרנעמען קעגן זיי.

אין מיין גרעסטער אָנשטרענגונג איז מיר סוף־כּל־סוף איינגעפֿאַלן זייער אַן איינפֿאַכער פּלאַן: מען דאַרף אַרומצוימען, אַרומשטעקן מיין קאָנורע אַזוי, אַז קיין שום קריסע זאָל נישט קענען אַריינדרינגען אין איר.

אַלע טאָג דאַרף פּינקטלעך געמאַכט ווערן אַ רעוויזיע, צי האָבן זיי עפּעס נישט קאַליע געמאַכט אין מיין פֿעסטונג, און אויב יאָ — טאַקע באַלד אויפֿן אָרט פֿאַרריכטן דאָס, וואָס זיי האָבן קאַליע געמאַכט.

גאַנצע „צוויי“ שעה האָב איך געאַרבעט ביז דעם לעצטן שווייס, מיט אַלע מיינע כּוחות און מיט מיין גאַנצן שכל, און עס האָט זיך באַקומען אַ קליין שטשיִלנע פֿעסטונגל מיט ווייניק לופֿט.

מילא, זאָל זיין ווייניק, אַבי איך בין זיכער פון די עקלהאַפטע ברואים.

אַ טויט־מידער בין איך אומגעפאַלן אויפן געלעגער און האָב תיכף איינגעשלאָפן.

אמת, געשלאָפן האָב איך מיט שלעכטע חלומות, אין וועלכע איך האָב מיך געוואַלטיק געראַנגלט מיט קרעבסן, קריסעס און עגדעשן, אָבער אויפגעשטאַנען בין איך דאָך אַ צופרידענער: זיי האָבן נישט געקענט אַריינדרינגען אין מיין פעסטונגל...

איך האָב געהערט, ווי זיי שמייען אַרום הינטער די פעסער און קאַסטנס, קלאַפּן מיט די עקן אָן דער פּאָדלאָגע און זוכן אַ וועג צו מיר. אָבער עס האָט זיי גאָרנישט געהאָלפן: די פעסטונג איז דערווייל געווען שטאַרקער פאַר זיי.

פאַר גרויס רציחה האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די קאַסטנס, צעגריזשעט דאָס האָלץ מיט די שאַרפע ציין און גע־פרעסן די סחורות, וואָס זענען געלעגן אין די קאַסטנס און פון צייט צו צייט האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אַזעלכע מאוימדיקע קולות, פונקט ווי זיי וואָלטן געפרעסן איינאַנדער...

איך האָב אָבער געליטן פון היץ, פון לופט־פאַרשפאַרונג, פון דושנעקייט. מיר האָבן זיך, קענטיק, דערנענט צום עקוואַטאָר.

געמאַכט אַ רעוויזיע, צי די פעסטונג האָט נישט ערגעץ קיין נייע לעכער, האָב איך ווידער איינגעדרעמלט, אַ צופרידענער.

אייגנטלעך האָב איך געהאַלטן די מלחמה מיט די קריסעס פאַר געענדיקט. נאַטירלעך, איך דאַרף מיך נאָך אַלץ האַלטן קעגן זיי מיליטעריש־אָנגעשטרענגט, אָבער צו אַ קאַמף וועט נאָך אַזוי שנעל נישט קומען...

פאַר דער צייט האָב איך כסדר געדרעמלט און געטרונקען

וואַסער, געטרונקען וואַסער און געדרעמלט, הגם דער אַפעטיט האָט זיך אויך געלאָזט גאַנץ שטאַרק שפירן...

געגעסן האָב איך אויסגעציילטע פּאָרציעס און בשום אופן נישט געוואָלט עובר זיין אויף די פּונקטן פון מיין קעלער־קאָנסטיטוציע...

עס איז דאָך קלאָר: וויבאַלד, אַז איך האָב אַ באַשטימטע צאָל סוכאַרעס, דאַרף מען זיין קלוג און שפּאָרזאַם.

און איך האָב מיך אַזוי געפירט.

## ווידער נויט און פּיין.

דאָס לעבן איז געגאַנגען זיין שוואַרצן גאַנג אין אונטערדעק, ווו צוזאַמען מיט מיר האָבן זיך געגעסטיקט ווילדע בלוט-דורשטיקע קריסעס.

אַלע „טאָג" האָב איך אויפגעגעסן מיין פּאָרציע און פאַר-טרונקען מיט וואַסער. די פּאָרציעס האָבן מיר אַזויאַרום אויך געדינט פאַר אַ מין לוח... וויפל פּאָרציעס — אַזויפיל טעג...

איינמאָל זענען מיר אויסגעגאַנגען די סוכאַרעס, וואָס איך האָב מיר אָנגעגרייט אויף פופצן „טעג".

„שוין פופצן טעג אַוועק, — האָב איך מיר געטראַכט מיט הנאה, — אויסגעצייכנט, בלייבט ווייניקער צו ליידן, ווייניקער טעג צו זיצן אין פּריוויליקן קאַרצער, בישט געדאַכט זאָל ער ווערן!"

איך בין אַרויס פון פעסטונגל און בין צוגעטראָטן צו מיין קאַסטן מיט די סוכאַרעס.

און אָט ווי איצט געדענק איך, אַז מיט מיר איז מיטגע-גאַנגען עפּעס אַ שווער פאַרגעפיל, אַ פּחד פאַרן מאָרגן...

פון קאַסטן האָט זיך געטראָגן אַן עקלדיקע קוויטשעריי און אַ קלאַפּן פון נעגל...

איך האָב מיט ציטעריקע הענט אויפגעהייבן דאָס דיקע שטאָף, מיט וועלכן איך האָב צוגעדעקט מיין אוצר פון פּראָוויאַנט, דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט.

נאָכדעם האָב איך אַראָפּגעלאָזט די האַנט אין קאַסטן: ער איז געווען פּוסט און ליידיק...

וואַרעמע האָריקע רוקנס און קאַלטע אומרויִקע פּיסקעס האָבן מיר באַרירט די הויט פון דער האַנט...

אין קאַסטן האָט געשווינדלט און געגריבלט פון קריסעס.

עס איז באַלד געוואָרן אַ געלויף פון קריסעס, אַ קוויטשיקער ויברח און אַ נעגלדיקע קלאַפּעריי...

הימל און ערד און קריסעס!

אָבער דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס זיי האָבן מיר אויפגעפרעסן דעם גאַנצן קאַסטן מיט סוכאַרעס און האָבן מיר ווידער געבראַכט פאַר די אויגן די אימהדיקע געשטאַלט פון הונגער.

וואָס וועל איך איצט טאָן? ווי אַזוי וועל איך מיר העלפן?

שטייענדיק אַ דערשלאָגענער ביים ליידיקן קאַסטן, האָב איך מיר בשום אופן נישט געקענט מוחל זיין, לֹמאי איך האָב מיך אַזוי לייכטזיניק באַצויגן צום קאַסטן מיט די סוכאַרעס. איך האָב נאָר געזאָרגט פאַר מיין פעסטונגל, פאַר מיין קאָנורע, און ס׳איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז די העסלעכע משחיתים וועלן מיך באַפאַלן גאָר פון אַן אַנדער „פלאַנג...“

די האָר האָבן מיר זיך אויפגעהייבן אויפן קאָפּ, איך האָב פאַרבראָכן די הענט.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען אין פאַרצווייפלונג. אַ פאָר קריסעס, וואָס זענען צוגעפאַלן מיט די

זיין צו מיינע פיס, האָבן מיך אויפגעצאַפּלט, פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיך צוגעריירט מיט פייער צו מיין לייב...

אַ צומישטער בין איך אַריינגעלאָפן צו מיר אין פעסטונגל.

דאָרט האָב איך מיר ווידער גענומען צו דער פיינלעכער מלאכה פון טראַכטן און איבערקלערן, און דאָס האָט געדויערט ביי מיר אַזוי לאַנג, ביז איך בין געקומען צו דער דעה, אַז מען דאַרף אָנהייבן זוכן אַ נייעם קאַסטן מיט סוכאַרעס. די איינפאַכסטע לאָגיק האָט אונטערגעזאָגט, אַז קוים איז דאָ איין קאַסטן מיט סוכאַרעס, באַדאַרף זיין נאָך איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ צענטער...

עס קען דאָך ביַשט זיין, אַז דער אונטערדעק זאָל פאַרמעגן בלויז איין קאַסטן? צי דען קען עס קלעקן, אַלס רעזערוו, פאַר אַזאַ שיפקאָמאַנדע?

יאָ, מען דאַרף נאָר קענען זוכן אינדערפינסטער, מען דאַרף נאָר האָבן זעענדיקע אויגן אין דעמדאָזיקן פאַרהאַקטן און פאַרקאָרקעוועטן קבר. מיט אויגן און ענערגיע קען מען דאָ מסתמא נישט שטאַרבן פון הונגער.

מיט דידאָזיקע רעיונות האָט זיך פאַרענדיקט מיין שווער טראַכטן און מיין קנייטשן מיטן הייסן שטערן אין דעם דושנעם פעסטונגל...

איידער איך האָב מיר געזאָלט נעמען צו דער נייער אַרבעט, האָב איך עטוואָס צוגעביסן — ביי מיר אויפן „טישל" האָב איך נאָך געהאַט ליגן אַ ביסל סוכאַרעס. איך האָב געוואָלט זיין פעסטער ביי זיך, און פעסטער האָט מען, נאַטירלעך, געקענט זיין נאָר אין אַזאַ פאַל, ווען דער מאָגן וועט באַקומען, כאָטש טיילווייז, זיין לוין...

צוגעביסן און פאַרטרונקען מיט וואַסער, האָט איך גענומען יאָס מעסער און זיך אָוועקגעלאָזט צווישן די קאַסטנס מיט אַ

געפיל פון אַ יעגער, וואָס לאָזט זיך אַוועק אין טיפן וואַלד אַריין.

עס איז בפירוש שווער צו זאָגן, ווי לאַנג איך האָב דעמאָלט געאַרבעט. מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב געאַרבעט גאַנצע הונדערט יאָר און אַז איך בין גרוי געוואָרן ביי דערדאָזיקער אַרבעט...

דאָס צוטרעטן צו די קאַסטנס, דאָס „פאַרנעמען" אַ ווענטל פון אַ קאַסטן, דער געדיכטער חושך, וואָס האָט מיר אַלץ פאַרדעקט און פאַרשטעלט פון די אויגן און, צולעצט, דער כסדרדיקער קאַמף מיט די קריסעס, וואָס האָבן מיר נישט געלאָזט אַרבעטן און זענען חוצפּהדיק געשפּרונגען אויף מיר מיט שאַרפע ציין און נעגל — דאָס אַלץ האָט ביי מיר צוגענומען אַ סך צייט און האָט מיך שרעקלעך אויסגעמאַטערט...

אָבער די ענערגיע האָט מיך דאָך נישט פאַרלאָזט, און דאָס איז געווען מיין גליק.

מיט די פיס האָב איך געשלאָגן קריסעס, מיט די הענט האָב איך געבראָכן קאַסטנס...

און דאָס מעסערל האָט מיר געדינט מיט אַזאַ געטריישאַפט, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַ לעבעדיק וועזן און וואָלט מיר שטאַרק מיטגעפילט...

עס האָט מיר ווונדערלעך געפאָלגט און האָט געשניטן און געלעכערט דאָס האָלץ פון די קאַסטנס, פונקט ווי פּאַפּיר.

שטעלט אייך אָבער פאָר, אַז די אַלע קאַסטנס, וואָס איך האָב געעפנט נאָך אַזויפיל שווייס און מי און פּראַצע, זענען געווען אָנגעפילט מיט שווערע געוואַנטן און לייוונט...

געוואַנט און לייוונט, און פון סוכאַרעס איז קיין זכר נישטאָ!

און יעדעס מאָל, ווען מיין האַנט איז אַריינגעדרונגען אין אַ דורכגעלעכערטן קאַסטן און האָט דאָרט אָנגעטאַפּט מיט

די פינגער די באַקאַנטע שטאָפּן, האָט מיר אַ קאַלטער שווייס אַרויסגעזעצט אויפן שטערן, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די קריסעס האָבן אויפגעהייבן אַ העסלעך־קוויטשיקן געלעכטער איבער מיר. זיי, די דאָזיקע שדים, האָבן, קענטיק, געוווּסט, וואָס איך זוך און האָבן זיך אַוודאי געריכט דערויף, אַז טאָמער וועל איך יאָ געפינען אַ קאַסטן מיט סוכאַרעס, וועלן זיי עס מיר תיכּף ומיד אַרויסכאַפּן פון די הענט מיט זייערע טויזנטער פיסקעס, אָבער דערווייל לאַכן זיי פון מיין שלים־מזלעריי און בלינדקייט און אומגעלומפּערטקייט און בייסן מיך אונטער ביי די פיס און ביי די זייטן...

אָבער ווי גרויס עס איז נישט געווען מיין פאַרצווייפלונג, האָב איך דאָך נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט און זיך נישט אונ־טערגעגעבן. די ענערגיע האָט געקלאַפּט אין מיר, ווי די פליגלען פון אַ ווינטמיל אין אַן אומרויִקן הערבסט־טאָג, און איך האָב מיינס דאָך געפונען!

קינדער, איך האָב געפונען אַ קאַסטן מיט סוכאַרעס. דער ריח אַליין, וואָס האָט מיר וואַרעם אַ פּאָך געטאָן פון געעפנטן קאַסטן, האָט מיר דערקוויקט דאָס האַרץ און מיר באַצאָלט פאַר אַלע מיינע יסורים און אַנגסטן.

מען האָט זיך אָבער באַדאַרפט איצט שלאָגן מיט די קריסעס אויף טויט און אויף לעבן.

דערשמעקט אַ געעפנטן קאַסטן מיט סוכאַרעס, וואָס איז געווען פאַרשטעלט און פאַרלייגט מיט געפּעק און פעסער, האָט מען מיך גאָרנישט אָנגעפּרעגט און מען האָט זיך גאַנצע פאַלקב־ווייז אַ לאָז געטאָן צו דעם דאָזיקן טייערן אוצר.

איך מוז אייך זאָגן, אַז עס איז געווען אַזאַ געפעכט מיט קולות, גוואַלדן און ווילדע ריטשערייען, אַז ס'איז מיר נאָך

איצט אַ חידוש, ווי אַזוי האָט מען עס אויבן, אויפן שיפדעק, נישט דערהערט.

עס איז געווען אַ מלחמה, אַן אמתע מלחמה, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די שיף גייט אונטער פון דער שוואַרצער רציחה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס יינגל און די קריסעס.

די קריסעס האָבן געקלאַפּט מיט די לאַנגע עקן, ווילד געריטשעט און געאַרבעט מיט די שאַרפע ציין, פונקט ווי גרויסע בלוטדורשטיקע וואַלד־פאַרצוקערס און דאָס יינגל האָט זיך גע־ראַנגלט מיט די פיס און מיט שטיקער האָלץ און אייזנס, וואָס ער האָט אָפּגעריסן פון די קאַסטנס...

דערזען די סכנה, האָב איך קודם כל פאַרהאַקט מיט ברעטער דעם געעפנטן קאַסטן, און אַז דער קאַסטן איז שוין אַזויאַרום געווען געזיכערט, האָב איך גענומען שלאָגן מיט שטיקער האָלץ און אייזן די פּאָלקן קריסעס.

איך האָב געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. דער געדאַנק, אַז איך האָב שוין וואָס צו עסן און אַז דער שאָטן פון הונגער איז אָפּגעטראָטן פון מיר, האָט מיר צוגעגעבן פרישע כוחות, און איך קען אייך זאָגן, אַז איך האָב אויסגעלייגט גאַנצע בערג מיט הרוגים.

אינדערפינסטער האָב איך געשפּירט, אַז איך שטיי ממש צווישן שטומע הויכע בערג פון קריסעס, וואָס באַוועגן זיך שוין נישט.

אַ לאַנג שטיק אייזן, אָפּגעריסן פון אַ דעק פון אַ פאַס, האָט מיר אין דעם פּרט זייער פיל מיטגעהאָלפן.

יעדער קלאַפּ מיט דעמדאָזיקן שטיק אייזן האָט אָן אַ גוזמא איבערגעהאַקט אַ צען־פופצן קריטישע רוקנס און קעפּ...

און געקלאַפּט האָב איך מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ...

איר מעגט מיר גלויבן, קינדער...

דידאָזיקע אויסטערלישע און פאַרביסענע מלחמה האָט זיך געענדיקט ערשט דעמאָלט, ווען די רעשטלעך פון דידאָזיקע אומווערדיקע פאַסקודנע ברואים האָבן איינגעזען, אַז די גאַנצע מלחמה מיט מיר איז איבעריק...

צו וואָס זאָלן זיי זיך שלאָגן פאַר סוכאַרעס, אַז זיי קענען איצט פרעסן און זיך איבער און איבערפרעסן מיט זייערע אייגענע טויטע ברידער און שוועסטער, וואָס ליגן דאָ אָנגעלייגט גאַנצע בערג?

און איך האָב געהערט, ווי מען האָט מיך מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט, און מען האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ מוראדיקן איבלדיקן משאַמקען און גריזשען צו די שטומע בערג...

קריסעס האָבן געפרעסן קריסעס...

נאָך אַזאַ מין בילד, וואָס האָט מיר ממש איבערגעדרייט די געדערעם פון עקל, האָב איך אין מיין לעבן נישט געזען.

דערויף זענען פעיק נאָר קריסעס!

אַזויאַרום בין איך אַרויס דער זיגער, הגם איך בין אויך געווען גוט צעקלאַפּט, צעפליקט און צעביסן.

פון די פיס האָט מיר געראונען בלוט, כמעט אַלע מיינע פינגער זענען געווען טיף איינגעביסן...

איך האָב מיר אַרומגעוואַשן די ווונדן און זיך אומגעקערט מיט גרויס נצחון אין מיין פעסטונגל.

די קריסעס האָבן מיך אינגאַנצן פאַרלאָזט. אַ גרויסער טייל פון זיי איז געפאַלן אין שלאַכט, און די איבעריקע האָבן געפרעסן די געפאַלענע...

געפרעסן אָן אויפהער, כסדר, אָן הפסקות, ווער ווייס ווי לאַנג!

## אַ פּעסל מיט בראָנפן.

עס האָבן זיך שווער גערוקט „טעג“ נאָך „טעג“.

כדי צו טאָן עפּעס און נישט צו זיצן פאַרגליווערט אין פינסטערניש און שלעכטער קבר-לופט, האָב איך באַשלאָסן, איך זאָל מיך נעמען צו די אַלע קאַסטנס און פעסער, וואָס זענען געשטאַנען אַרום מיין פעסטונגל.

ערשטנס, איז דאָס אַן ארבעט, וואָס ברענגט מיך אין באַוועגונג, און לאָזט מיך נישט גליווערן און, צווייטנס, האָב איך געהאָפט צו געפינען עפּעס בעסערס צום עסן.

גאָט אין הימל, עס זענען דאָ אַזויפיל פראַכטן אין אונטערדעק — אפשר וועל איך געפינען קאָנסערוון, געטריקנטע פישן, פליישן, אָדער אַנדערע ענלעכע זאַכן, וואָס וואָלטן מיך פשוט מחיה געווען.

די סוכאַרעס זענען מיר שוין געקראָכן פון האַלדז און איך האָב זיי געגעסן בלויז דערפאַר, ווייל אַ מענטש קען דאָך נישט לעבן מיט הונגער.

טײלמאָל האָב איך נישט געקענט פאַרטראָגן זײער ריח, וואָס האָט זיך מיר צוגעגעסן ביז צום ברעכן, און ווי ווײט איך האָב געקענט, האָב איך מיך נישט צוגערירט צו זײ.

איך האָב מיך איצט געגלוסט אין וואַרעמע שפּײזן, אין אַ שטיקל פלײש, פיש, אין אַ פּשוטן זופּ, וואָס די מאַמע פלעגט מיר אַמאָל קאָכן...

איך האָב מיך געגלוסט אין לעפל־טעלער, איך האָב געבענקט נאָך דעם קלאַנג פון אַ קיכטעפּל, נאָך דער פּאַרע פון אַ הײסער געדיכטער קאַשע...

און ס'איז דעריבער קײן וואונדער נישט, וואָס איך האָב מיך מיט אַזאַ אימפּעט אַרויפגעוואָרפן אויף די פּראַכטן פון אונטערדעק.

איך האָב געזוכט און גענישטערט און נאָכאַנאַנד געשניטן דאָס האָלץ פון פרעמדע קאָסטנס און פעסער מיט דער רציחה פון אַ גנב.

מײן לעבן איז אַזוי געהאָנגען אויף אַ האָר, אַ שוואַרצער פּחד האָט אַזוי געהאַלטן געשפּאַנט מײנע אָרעמע אויסגעמאַטערטע נערוון, אַז מײן געוויסן האָט, נאַטירלעך, נישט געקענט לײדן דערפון, וואָס איך ברעך און נישטער פרעמדס האָב און גוטס און באַלעבאַטעווע אין אונטערדעק מיט דער חוצפּה פון אַ געניטן רויבער.

עפּטער האָב איך מיר געזאָגט:

„קײנער קען גאָרנישט מאָנען פון דיר, ווײל דער טויט הענגט דיר אויף דער נאָז... אמת, דו האָסט סוכאַרעס, דו האָסט וואַסער, אָבער דאָ אין עיפּושדיקן קעלער איז דער טויט טויזנטער מאָל שטאַרקער פאַרן לעבן. און איך פרעג דיך, ווער וועט עס האָבן דעם מוט צו מ אָ נ ע ן ב ײ ם ט ו י ט?... וואָרים מאָנען בײ דיר, הײסט מאָנען בײם טויט. ווי עס זאָל נישט

זיין און וואָס עס זאָל נישט זיין — דערווייל ביזטו אַ גע־שטאָרבענער פאַר דער גאַנצער וועלט, און פאַר אַ געשטאָרבענעם עקזיסטירן נישט קיין שום געזעצן פון אייגנטום און קיין שום אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך צו פירן...״

אַזוי האָב איך מיר געזאָגט און בעת מעשה מיט גרויס התמדה געזוכט אין די פענסטער און קאַסטנס.

אַ מאָדנע זאַך: נאָך יענער באַרימטער שלאַכט, וואָס האָט זיך אַזוי טראַגיש אָפּגעשפּילט ביי דעם ניי־געפונענעם קאַסטן מיט סוכאַרעס, האָבן מיך די קריסעס כמעט ווי פאַרלאָזט.

איך בין משער, אז איך האָב זיי דעמאָלט געמוזט אויס־הרגענען אין די שווערע הונדערטער און אפשר אין די טויזנטער, ווייל דער שאָרך פון זייערע פיסלעך איז געוואָרן אַ שיטערער און אַ מאָגערער און מען האָט אים שוין נישט געהערט אין אַלע ווינקעלעך, ווי פריער.

דעמאָלט איז מיר אויך איינגעפאַלן די אידעע, איך זאָל מיך שלאָגן מיט זיי אויף דער צאָל, דאָס הייסט זען וואָס מער אויסצוהרגענען. די פעולה דערפון איז אַ טאָפּעלע: ערשטנס, פאַלן טאַקע אַוועק אַ סך און עס ווערט רויקער אין אונטערדעק, און, צווייטנס, פרעסן זיי די געפאַלענע און פאַרגעסן אַזויאַרום אין מיר.

צו דעם צוועק האָב איך מיך באַנוצט מיט אַ פּאָר גרויסע האַרטע מאַטראַצן־זעק, וואָס איך האָב געפונען אין אַ קאַסטן. צו דעם אָפענעם ברעג פון די זעק האָב איך צוגעפעסטיקט אַ שטריק, אַזוי, אַז קוים האָב איך אים נאָר אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, האָט זיך דער ברעג באַלד שטשילנע איינגעצויגן.

דאָס האָב איך צוגעטראַכט אַ קאָלאָסאַלע פאסטקע פאַר די קריסעס.

אַרייַנגעוואָרפן עטלעכע שטיקלעך סוכאַרעס אין זאַק, האָב

איך אים אוועקגעלייגט אין דורכגאנג, ווי א פּאַס און אליין געגומען רויק אָפּוואַרטן, האַלטנדיק דעם עק פונם שטריק אין דער האַנט.

וואַרטן לאַנג האָב איך קיינמאָל נישט באַדאַרפט. אין א וואָסערע צען מינוט איז דער זאַק אָנגעפּראָפּט געוואָרן מיט דידאָזיקע שעדלעכע מזיקים, וואָס האָבן דאָרט געריסן און געביסן איינאַנדער און אָנגעפילט דעם גאַנצן אונטערדעק מיט אַזעלכע מאָוימדיקע קולות און קוויטשערייען, אַז אַ דערוואַקסענער מענטש וואָלט נישט אויסגעהאַלטן און וואָלט זיך זיכער איבערגעשראָקן.

און אָט אין דעם מאָמענט האָב איך אַ צי געטאָן פאַרן שטריק...

די בהלה אין זאַק איז געוואָרן אַן אומבאַשרייבלעכע. די מזיקים האָבן קיין אָפענע טיר מער נישט געהאַט.

דער זאַק האָט גענומען טאַנצן אינדערהויך און פון די פאַרצוקערישע געשרייען האָט מען געקענט טויב ווערן.

אָבער אָפּגעטאָן, ווי געהעריק, איין העלפט אַרבעט, האָב איך מיך גענומען פאַר דער אַנדער העלפט, און די אַנדערע העלפט איז באַשטאַנען דעריך, וואָס איך האָב צוגעדריקט דעם זאַק מיט אַ גרויסן קאַסטן און נאָך אַליין זיך אויך אַרויפגעזעצט אויף אים...

די קריסעס האָבן אָבער געהאַט אַזאַ כוח, אַז ביי אַ פּאָר מינוט האָבן זיי צערומגעטאַנצט מיטן קאַסטן און מיט מיר אויך בתוכם. אונטער זייער בעדרענגעניש איז אַלץ געפלויגן אינדערלופטן, אָבער דער סוף איז דאָך געווען אַ וויסטער פאַר זיי: אַלע ביז אייגער האָבן געמוזט דערשטיקט ווערן.

דעמאָלט האָב איך געעפנט דעם זאַק פאַר די לעבעדיקע,

וואָס האָבן מיט גרויס זשעדנעקייט און רשעות זיך גענומען שפּאַרן צו דער אכילה...

דאָס איז געווען דאָס בעסטע מיטל, וואָס איך האָב נאָך לאַנגע צרות און אַנגסטן אויסגעפונען אין קאַמף קעגן די קריסעס.

פון איין זייט האָב איך שיטער געמאַכט זייערע רייען, און פון דער אַנדערער זייט — האָב איך געגעבן צום פרעסן די איבערגעבליבענע, וואָס האָבן היינט אָדער מאָרגן אומבאַ־דינגט אויך געמוזט אַריינפאַלן אין גרויסן זאַק אַריין...

אויסראָטן זיי אינגאַנצן איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך נישט בלויז פאַר מיר, נאָר אַפילו פאַר עטלעכע דערוואַקסענע מענטשן מיט ליכט און מיט אַלע נייטיקע מכשירים דערצו.

צו זייערע נאָרעס האָט קיין שום מענטש נישט געקענט צוטרעטן און אפשר אויך זיי נישט אויסגעפינען, און לאָזט מען איבער זייערע געהיימע פאַרשטעלטע נאָרעס, בלייבט איבער אַ גרויסער טייל פון זיי אין אונטערדעק, וווּ זיי פרוכפּערן זיך און מערן מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט.

דאָסדאָזיקע מיטל האָט מיר איצט געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן עפּעטער מיין פעסטונגל און צו זוכן און נישטערן אין די פּראָכטן פון אונטערדעק.

איך פלעג זייער ווייט פאַרקריכן אינדערפינסטער און אַ סך קאַסטנס האָב איך אויסגעפּרוווט.

איך האָב געפונען מעל, קאָרנקערנער (דערמיט האָב איך מיך געגערט אַ געוויסע צייט), צוקער (קינדער, צוקער!) און אַ פעסעלע מיט בראָנפן...

דאָסדאָזיקע פעסעלע האָט געהאַט אַ קראַן און מען האָט באַלד פון קראַן געקענט זיך מחיה זיין מיט אַ שנעפּסל...

איך האָב אָבער מורא געהאַט זיך שטאַרק צו חברן מיטן ליבן בראָנפן־פעסעלע.

איך האָב מורא געהאַט פאַר שיכּורות אין דעמדאָזיקן קבר.

פון אַ מענטשן, וואָס איז על־פּי־נויט אַריינגעפאַלן אין אַט דעם פאַרעיפּושטן אונטערדעק, האָט זיך געפאָדערט די העכסטע ניכטערקייט.

וואָרים אַלץ איז דאָ געווען אַ סכּנה פאַרן לעבן, אָנגע־הייבן פון דעם אייביקן מצריים־חושך און געענדיקט מיט די קריסעס.

דער טויט האָט דאָ געלויערט פון יעדן ווינקעלע, פון יעדן דורכגאַנג, פון דער שוואַרצער לופט...

מען האָט געמוזט זיין טרוקן־ניכטער, און איך האָב עס אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען.

בלויז פון צייט צו צייט, באַזונדערס, ווען עפּעס אַ האָפע־נונג פלעגט סתם אַזוי, פלוצלונג, אַ פאָך טאָן אויף מיר מיט אירע מחיהדיקע פליגלען, פלעג איך צוקריכן צום פעסעלע און צוטראָגן די ליפּן צום קראַן...

געציילטע טראָפּנס פלעג איך אַראָפּשלינגען, נישט מער; אָבער עס פלעגט מיר ווערן אַזוי וואַרעם, אַזוי לייכט אויף דער אויסגעמאַטערטער נשמה און אַזוי ליכטיק אין די אויגן...

דאַכט זיך, אין קעלער האָט געגומען טאָגן, עס גייט אויף די זון און די היימישע וועלדער פון מיין ברעג דערנענטערן זיך צו מיר און גריסן מיך מיט העלע בּרייט־צעגאָסענע טאָג־שמייכלען...

אָך, ווי גוט דאָס איז, ווען מען קען זען די זון, דעם טאָג, דעם וואַלד, די גאַס פון מענטשן!...

וויפל מאָל האָב איך זיי געזען אין מיין דמיון, אָבער דאָס האָט מיר קיינמאָל נישט געשטילט דעם פיינלעכן הונגער נאָך זיי.

פאַרקערט, דער דמיון צעשניידט מיר די נשמה און צע־בלוטיקט מיר דאָס האַרץ.

איך האָב געוואָלט זען די זון אַזוי, אַז איך זאָל זי קענען אָנטאַפּן... איך האָב געוואָלט אָנטאַפּן דעם טאָג, די קלאָרע לופט, די קולות פון מענטשן...

אַ פאַרבענקטער און אַן אָנגעפילטער מיט זון-און טאָג-חלומות, פלעג איך מיך שטיל אַוועקרוקן צוריק אין מיין פעס-טונגל, זיך אויסציען דאָרט אויף מיין געלעגער, פאַרלייגן די הענט אונטערן קאָפּ, ווי מענטשן טוען עס על-פּי-רוב אין פעלד, אין גראָז, און בענקען אַזוי לאַנג, ביז די חלומות פלעגן זיך איינציקווייז אויסלעשן...

דעמאָלט פלעג איך מיך ווידער נעמען צו די רעוויזיעס פון די קאַסטנס און פעסער...

## עס שטורעמט דער ים.

עס גערעדנקט זיך מיר, קינדער, אַ שווערע „נאַכט", אַ שטורעם־„נאַכט". דער ים איז משוגע געוואָרן. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַלע זיינע ווילדע כּוחות, וואָס האָבן געדרעמלט אין זיינע תּהומות, און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ ווילדער טאַנץ פון כוואַליעס, אַ זאַווערוכע פון קולות, אַ געלויף פון ווינטן...

די „אינקאַ" האָט זיך גענומען געזעגענען מיט איר לעבן.

די ווענט, די פּאָדלאָגע, די לאַנגע באַלקעס פון אונטער־דעק — אַלץ האָט געציטערט, ווי אין אַ קדחת, און געקרעכצט, ווי צום שטאַרבן...

איך בין געזעסן אין מיין פּעסטונגל און עס האָט מיך געהייבן אַרויף און אַראָפּ און געוואָרפן אויף רעכטס און אויף לינקס.

איך האָב מיך געמוזט אָנהאַלטן אין מיין „טישל", כּדי איך זאָל מיך נישט איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

אַ קאַלטער פּחד האָט מיך אַרומגעכאַפּט: איך האָב געהערט, ווי די פּראַכטן וואַנדערן אין אונטערדעק...

זיי גייען, די פראַכטן, דידאָזיקע קאַסטנס, פּעסער און זעק און זיי קענען אין זייער בלינדקייט אַרויפוואַנדערן אויף מיר... זיי קענען מיך דערשטיקן.

דאָס איז געווען גאָר אַ נייער מין פּחד פון אַ נייער סכנה, קעגן וועלכער איך האָב קיין שום רעטונג נישט געהאַט.

איך קען מיך ראַנגלען מיט כוואַליעס, מיט פינסטערניש, מיט קריסעס, אָבער איך קען מיך דאָך נישט ראַנגלען מיט צענפודיקע בלינדע קאַסטנס, מיט צוואַנציקפודיקע פּעסער, מיט זעק, וואָס קענען צודעקן אַ צען פאַרשויגען אונטער זיך...

יעדע באַוועגונג פון די פראַכטן האָט זיך מיר אָפּגערופן אין האַרצן, ווי אַ שאָס, ווי אַ טויט-קלאַפּ, פון וועלכן איך וועל שוין נישט קענען אויפשטיין.

איך האָב, נאַטירלעך, נישט געוווּסט גענוי, צי עס איז טאָג, צי ס'איז נאַכט. מיין „לוח" האָט מיר אַפילו געוויזן, אַז עס איז נאַכט, אָבער איך האָב אים נישט געגלויבט. איך האָב אים שוין לאַנג נישט געגלויבט.

די צייכנס אויף מיין שטעקן האָב איך אַפילו „ווייטער" געמאַכט, אָבער זכרון-צייט קען דאָך נישט זיין קיין גענויע פּינקטלעכע צייט...

וויפל מאָל האָב איך מיך פאַרשלאָפן און וויפל מאָל האָב איך מיך סתם פאַרחלומט, אַזוי, אַז איך האָב בכלל די צייט נישט באַמערקט?

איך האָב אויך נישט געוווּסט, ווו מיר האַלטן מיט דער שיף, וואָסערע וואַסערן שניידן מיר איצט אַדורך און אין וואָסער ים ליגט אונדזער וועג.

דער שטורעם, האָט, קענטיק, אויסגעבראָכן פּלוצלונג, מיטאַמאָל, הגם דער קאַפּיטאַן האָט נאָך באַצייטנס געמוזט זען

די אומרויקע בייז־בשורהדיקע ענדערונגען אויפן הימל, אויף די האָריזאָנטן.

וואָס טראַכט איצט דער קאַפּיטאַן? ווי פילן זיך די לייט פון דער שיף־קאָמאַנדע?

אָך, אין אַן עת־צרה האָט זיך געוואָלט זיין מיט מענטשן, אַפילו מיט פרעמדע, אַפילו מיט שלעכטע, אַפילו מיט שונאים...

און אַז עס איז אַן עת־צרה — דערין בין איך געווען זיכער.

די בייזע כוואַליעס פון ים האָבן נאָך קיינמאָל נישט געפּאַטשט די שיף מיט אַזאַ מין רשעות און האַס און נאָך קיינמאָל האָבן זי די ים־ווינטן נישט אומגעשליידערט מיט אַזויפיל רציחה, ווי איצט.

דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ סוף פון דער „אינקאַ".

צייטנווייז האָב איך דייטלעך געפילט, ווי זי טרינקט זיך, ווי זי ווערט פאַרגאָסן און ווי עס ציט זי צום דנאָ...

נאָך אַ ביסל — און זי וועט אַראָפּנידערן, אַראָפּנידערן אין די קאַלטע אָרעמס פון דער וואַסער־סטיכיע...

איך מוז זאָגן די וואָרהייט: געשראָקן האָט מיך נישט אַזוי דער טויט אויפן גרונט פון ים, ווי דער עלנט מיינער, ווי די פינסטערניש, וואָס איז געלעגן אויף מיר, ווי דאָס פעלן פון מענטשלעכע קולות אַרום מיר און ווי די אייגענע אומבאַהאָלפענע בלינדקייט, בשעת מען דאַרף האָבן אויגן און אויגן און אויגן!...

איך בין געזעסן, ווי אַ פאַרמשפּטער ביי זיך אין פעסטונגל, ווי אַ פאַרשמידטער אין קייטן, וואָס האָט נישט קיין אייגענע באַוועגונגען און וואָס קען זיך נישט רירן פון אָרט.

איך קען מיך נישט ראַטעווען, איך קען נישט שרייען און איך קען נישט רופן צו הילף, איך קען מיך נישט ראַנגלען—

מיט וועמען? — איך דאַרף בלויז וואַרטן אויפן חסד פון טויט, ווען ער וועט באַווייליקן מיך אָנצונעמען ביים גאָרגל...

און די שיף האָט דערוויילע געקראַכט און דער ים איז געשפרונגען פון דנאָ צום הימל און די ווינטן האָבן געפּאַטשט און געשלאָגן איינאַנדער און די פּראַכטן אין אונטערדעק האָבן שפּאַצירט און איך האָב געפילט, ווי איך וואָלט געזעסן אויף אַ הושטאַווקע און וואָלט מיך געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ.

צייטנווייז האָב איך מיך צוגעהערט מיט אַן אויער צו דעם, וואָס עס געשעט דאָרט אויבן, אויפן שיפדעק.

איך האָב געוואָלט וויסן, ווי ווייט מען איז דאָרט אומרויק און וואָס ווערט דאָרט פאַרגענומען אין דעמדאָזיקן גיהנום-שטורעם.

ס'איז אָבער געווען זייער שווער אויפצוכאַפּן עפּעס אַ קלאַנג פון דער שיפקאָמאַנדע. דער ים האָט פאַרשריען, די ווינטן האָבן פאַרפייפט און דער דיקער דעק איבערן קאָפּ האָט פאַרשטעלט.

טיילמאָל אָבער האָט מיר אויסגעוויזן, ווי איך וואָלט געהערט אַ געלויף און אַ טופּען פון אומרויקע פיס און אַ פאַלן פון שווערע געגנשטאַנדן...

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מען ראַטעוועט זיך אויף דער „אינקאַ", אַז מען האָט אַראָפּגעלאָזט די קליינע רעטונגסשיפלעך אויפן וואַסער, אַז דער שיף-עולם שפּרינגט מיט פאַרצווייפלטע גוואַלדן אין די שיפלעך אַריין...

אַ גליווערדיקע קעלט האָט אָפּגעשטעלט מיינע הייסע רעיונות.

איך האָב געהערט, ווי די קריסטן שפּרינגען אַרום, ווי משוגע, אין אונטערדעק — אַפילו זיי זענען אויך פאַרצווייפלט...

מיינע אויגן האָבן זיך געקלעבט פון גליווערדיקן פּחד, איך האָב איינגעדרעמלט.

און דאָס איז געווען דאָס בעסטע...

אַ זיסער חלום איז געקומען צו מיר און האָט מיך באַ-לוינט פאַר מיינע גרויסע יסורים.

איך האָב געזען מיין מאַמען און דעם פאַרק מיטן טייכעלע און מיינע שול-חברים...

און הייסער טאָג איז געווען און די זון האָט געוואָרפן פרישע סנאָפּעס ליכט אין טאָג אַריין און דער ים ביים היימישן ברעג האָט זיך אויסגעלייגט, ווי אַ שפּיגל און די דאָרפסלייט האָבן אַרומגעשפּאַצירט מיט יום-טובדיקע שמייכלעך אויף די ליפּן און מיר, אַ קאָמפּאַניע יינגלעך, זענען געזעסן ביים ים און פריילעך געשמועסט און געלאַכט און געשטיפּט, און אָט זאָגט איינער פון זיי, האַרי מיטן נאָמען, און ווייזט בעת מעשה מיט אַ פינגער אינדערהויך:

„קינדער, — זאָגט ער — פילט איר, ווי מיר וואַקסן? דאָס איז עפּעס אַזאַ חידוש, וואָס לייגט זיך גאָרנישט אויפן שכל... אָט זעט-זעט, דו ביזט געוואָרן גרעסער און ער איז געוואָרן גרעסער און איך הייב מיך אינדערהויך... וואָס איז עס אַזוינס?“

און איידער ער פאַרענדיקט נאָך רעדן, באַווייזט זיך פּלוצלונג אַ דיקער הער מיט גאָלדענע קנעפּ אויף אַ שוואַרצער מאַרינאַרקע, און דערדאָזיקער הער זאָגט:

„איך בין דאָ געקומען באַשטימען יעדערנס מזל און יעדערנס פּראָפעסיע... דו וועסט זיין אַן אויסגעצייכנטער דאָקטאָר און דו וועסט זיין אַן עלנדער פישער און דו וועסט זיין דאָס גאַנצע לעבן אַ בראַווער מאַטראָז, אָבער שטענדיק אָן אַ גראָשן געלט אין קעשענע, און דו וועסט זיין אַ פויער מיט אַ קליינ-טשיק הייזעלע אין אַ דערפל און דו, — ווייזט ער אָן אויף מיר — וועסט זיין אַן אָנפירער פון אַ שיף און וועסט לאַנג לעבן...“

און אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן און האָט אונדז יעדן איינעם פונדערסניי אָנגעקוקט און נאָכדעם ווייטער געזאָגט:

„זאָל יעדער פון אייך גיין צו זיין מזל און צו זיין פּראָפעסיע... נישקשה, איר זענט שוין אויסגעוואַקסענע יונגען און איר האָט שוין נישט מער וואָס צו זיצן דאָ אויפן ברעג...“

און ווי ער זאָגט אַזוי דידאַזיקע ווערטער, ווערן באַלד אַנטרונען מיינע חברים, און איך דערזע מיך פּלוצלונג, אַ שטאָלצן און אַ דערוואַקסענעם מענטשן, אין אַ רוסישקן האַפן פון אַ גרויסער שטאָט, און פּאָר מיינע אויגן וויגט זיך אַ הויכע שיף מיט אַ פּייערדיקער אויפשריפט: „העלוועציע...“

די שיפקאָמאַנדע וואַרפט זיך מיר אונטערטעניק צו די פיס און דער עלטערער לייטענאַנט, אַ בלאָנדער מאַן מיט ברייטע אַקסלען, לייגט צו די פינגער צום רעכטן שלייף און מעלדעט מיר מיט גרויס דיסציפּלין און טאַקט:

„אויף דער „העלוועציע“ איז אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג...“

און איך שמייכל פון גוטמוטיקייט און זאָג:

„יאָ, דאָס ווייס איך. אַנדערש קען עס נישט זיין. איך דאַנק אייך, הער לייטענאַנט.“

און ער הייבט ווידער אויף די פינגער צום רעכטן שלייף און פרעגט:

„ווען הייבן מיר אויף דעם אַנקער?“

און איך גיב אַ קוק אויפן הימל און אין האַפן, און זאָג:

„הער לייטענאַנט, נישט שפּעטער ווי אין צוויי שעה אַרום.“

און מער רעדן מיר נישט.

איך פאָר נאָך אין שטאָט און קויף מיר איין מאָל קליי־ניקייטן, דעפּעשיר צו מיין מאַמען, צו אַ פּאָר באַקאַנטע און

פּאָר מיט קליינע פּעקלעך ווידער צום ברעג. עס איז די העכסטע צייט אַרויפצוגיין אויף דער „העלוועציע...״

אַ געשיקטער יונג פון דער „העלוועציע״ כאַפּט מיר פון די הענט די פּעקלעך, און איך גיי מיט שטאָלצער לאַנגזאַמקייט צום שיפּבריקל.

אָבער דאָ שטעלט מיך אָפּ אַ מענטש מיט אַ פאַרעלטערט געזיכט און מיט אַ פאַרלאָרענעם שמייכעלע אויף פאַרשמאַכטע ליפּן.

„ווער ביזטו? — פרעג איך אים שטרענג. — ווייסטו דען נישט, אַז מיין שעה איז געציילט און געמאָסטן?״

און ער לאָזט אַראָפּ די אויגן און שטאַמלט:

„יאָ, דאָס... ווייס... איך... איך ווייס... אָבער... אָבער...״

„וואָס אָבער? שנעלער!״

„אָבער איך בין העברי בלו...״

„העברי בלו!״ — גיט מיר אַ קלאַפּ אין זכרון און אַ ריס ביים שטאָלצן הארץ. — העברי בלו, וואָס איז געשען מיט דיר?״

און העברי בלו ווערט עטוואָס מוטיקער און זאָגט:

„יאָ, עס איז שלעכט געגאַנגען... פאַראַן אויף דער וועלט גוטס און שלעכטס. יאָ, מיך האָט געכאַפּט דאָס שלעכטס...

אָבער איך הער שוין נישט, וואָס ער רעדט. איך שלעפּ אים אַרויף אויף דער „העלוועציע״ און זאָג צו אים:

„דיינע שלעכטע צייטן, העברי, האָבן זיך געענדיקט. דו אַרבעטסט אויף דער „העלוועציע.״ זיי נאָר מוטיק, ברודער, לאָמיר זען דיין אַמאָליקן שמייכל, טייערער, העברי בלו...״

און העברי בלו שאָקלט מיר מיטן קאָפּ און שמייכלט און אַנטציקט איז ער פון דער שיף און ער קוקט אויף אַלע זייטן מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן און ער כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט און רופט זיך אָן מיט התפּעלות:

„הערסטו, ברודער, פריינט, חבר, דער הייַנטיקער טאָג איז בײַ מיר איינער פון די גליקלעכסטע טעג אין מיין לעבן!"

און ערגעץ פון אַ ווינקל טראָגט זיך פריילעך דאָס באַקאַנטע פראַנצויזישע מאַטראָזן-לידל, איבערגעזעצט אין ענגליש:

שווימען, שווימען מיר צום ברעג,
לויפן מיר אין שענק אַוועק...
זיצט זשאַנעטע דאָרט ביים טיש,
שטעלט זי שנאַפּס און פרישע פיש...

———

היי, זשאַנעטע, זיי נאָר ווויל,
גיב מיר האַנט און ברוסט און מויל!
נעמט איר גלאַנצן אויג און צאָן:
„טרינקט זיך, קינדער, פרייער אָן!.."

און דאָ האָב איך מיך אויפגעכאַפּט...

אויף מיר איז געפאַלן אַ שווערקייט פון אונטערדעק. אַ פאַרשטיקטע לופט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין די לונגען.

איך האָב מיך אויפגעזעצט און האָב דערקענט מיין קבר.

מיין חלום איז מיר תיכף צערונען געוואָרן אין זכרון. איצט איז געוווען די ווירקלעכקייט...

איך האָב מיך צוגעהערט צום ים: ער האָט נאָכגעלאָזט. די שיף איז רויק געגאַנגען.

איך האָב מיך אָנגעכאַפּט מיט די הענט ביים שטערן, פאַרדריקט שטאַרק די אויגן און געפרעגט:

„גאָט, גאָט, גאָט, וואָס וועט עס זיין מיט מיר? ענטפער, וואָס וועט עס זיין מיט מיר?"

און קיינער, קיינער האָט מיר נישט געענטפערט...

# ליכט! ליכט!

די גאַנצע צייט איז מיר איצט אַוועק אויף רעוויזיעס. וואָס האָב איך געזוכט? איך ווייס אַליין נישט. מיר איז אפשר געגאַנגען נישט אַזוי אין זוכן, ווי אין דעם, איך זאָל מיט עפּעס זיין באַשעפטיקט און זאָל נישט דאַרפן זיצן אין פינסטערניש משוגע פון אַנגסט און צער.

מיטן מעסערל אין האַנט האָב איך מאַרשירט אינדערפינסטער פון פאַס צו פאַס, פון קאַסטן צו קאַסטן, געקלעטערט אויף זעק, אויף פעק און געהאַלטן אין איין נישטערן און זוכן.

אין אונטערדעק איז אייגנטלעך געווען פון כל-טוב, מען האָט נאָר געדאַרפט קענען זוכן.

ביי לייטן זוכט מען מיט די אויגן, איך האָב געמוזט זוכן מיטן חוש-הריח, ווי אַ הונט...

איך האָב באַשמעקט יעדן קאַסטן, יעדן זאַק.

די נאָז האָט מיר אָנגעהייבן דינען אנשטאט אויגן. זי אָט מיך געפירט און געוויזן, וואָס איך האָט צו טאָן.

איצט האָב איך שוין געקענט עפענען אַ קאַסטן מיט אַ בער געפיל, אַז מיין אַרבעט איז נישט געווען אומזיסט.

און וואָס זאָל איך אייך אַ סך דערציילן און ברייען, קינדער: איך האָב געפונען ניס און טרוקענע פלוימען און אַ קליין פעסעלע מיט ווייַן און ראָזינקעס און מאַנדלען און פייגן און טייטלען...

עס איז געווען וואָס צו עסן און מען האָט געקענט עסן: מיט די קריסעס האָב איך מיך אָפּגערעכנט אויף דער וועלט מיט דער הילף פון מיין פּאַסטקע, אַזוי, אַז זיי האָבן מיך כמעט ווי פאַרלאָזט און איך האָב געקענט רויק עסן און טרינקען...

האָב איך טאַקע די ערשטע צייט געהאַלטן אין איין עסן. און די סוכאַרעס האָב איך מיך אָפּגעלאָזט.

איך האָב געגעסן ראָזינקעס, פלוימען, טייטלען, פייגן און פאַרטרונקען מיט ווייַן.

תחילת האָב איך מיך געפילט ווי אויף אַ באַל, נאָר אָן ליכט און אָן מוזיק.

עס האָט מיר מחיהדיק גערוישט אין קאָפּ, אין די קני איז אַריינגעפאַלן אַ זיסער ציטער פון שיכרות...

איך שווער אייך בנאמנות, אַז ווען איך וואָלט דעמאָלט געהאַט כאָטש איין מענטשן, איין־איינציקן מענטשן, ווער ער זאָל נישט זיין, אַ יונגער, צי אַן אַלטער, אַ גוטער, צי אַ שלעכטער, אַ פריילעכער, צי אַן אומעטיקער, אַ קלוגער, צי אַ נאַר – וואָלט איך געווען דער גליקלעכסטער און דער צופרידנ־סטער מענטש אין דער וועלט און וואָלט דעמאָלט פון גאַנצן האַרצן מוחל געווען דעם קעלער זיין שוואַרצקייט און זיין פאַרעיפּושטע לופט און זיינע העסלעכע קריסעס און די לאַנגע טעג און נעכט, וואָס איך האָב מיך אַזוי ביטער געפייניקט אין אים...

אַך, ווען איך וואָלט דעמאָלט געהאַט כאָטש איין מענטשן!

פאַר אין ברירה האָב איך איינמאָל געמאַכט אַ הוליאַנקע פאַר מיר אַליין, פאַר מיין אייגענעם כבוד וועגן...

מיין טיש איז געווען אויסגעשטעלט מיט כל־טוב: מאַנדלען, ניס, פלוימען, טייטלען, ווײַן און אַפילו אַ ביסעלע בראָנפן אויך...

קודם־כל האָב איך געמאַכט אַן אָרדענונג בײַ זיך אין פעסטונגל: אויסגעטרויסלט און אויסגעקלאַפּט מיין געלעגער, גוט אויסגערייניקט די פּאָדלאָגע, די ווענט, און נאָכדעם האָב איך מיך גאָר לייטיש אָרומגעוואַשן, עס זאָל אויסזען, ווי איך גיי באמת אויף אַ באַל...

נו, און נאָכדעם האָב איך מיך אַוועקגעזעצט בײַם „טישל" און האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז עס ברענען הויכע ליכט און פּאָרלעך טאַנצן און מוזיק שפּילט אַ פריילעכס, אַ האָפּקעלע, ווי איך האָב עס איינמאָל געזען אין מיינע קינדעריאָרן, אין גרויסן ווייסן פּאַרק־הויז, בײַ אונדזער אַלטן פריק...

און אָט גייט צו מיר צו אַ חבר, אַ שכנס אַ יינגל, און זאָגט:

„איך טאַנץ מיט זשאַפּאָרען. מיט ווען טאַנצסטו?"

און איך זאָג:

„מיט גערען..."

גערע איז אַ שיין מיידל פון פערצן יאָר. אַזוי, אינדער־היים, צי אין גאַס, איז זי אַ שעמעוודיק מיידל, וואָס לאָזט עפּטער אַראָפּ אירע בלויע אויגן צו דער ערד, אָבער אויף אַ באַל אָדער אַזוי עפּעס אַ שמחהלע, ווו עס שפּילט מוזיק און יינגלעך מיט מיידלעך טאַנצן, טוט זיך אויף איר אָן גאָר אַן אַנדער הויט. עס הייבן איר אָן שפּילן די בעקלעך, די פיסלעך ווערן לייכט און די אויגן קוקן איר אַזוי ברייט אויפגעריסן און אַזעלכע פריילעכע פייערלעך טוקן זיך אין זיי...

אויף דערדאָזיקער גערען האָב איך שוין לאַנג אַן אויג, גיי איך צו צו איר, נעם זי אָן בײַ דער האַנט און זאָג:

„גערע, היינט טאַנצן מ י ר..."

און זי שאָקלט מיטן קאָפּ:

„יאָ, מיר טאַנצן... פאַרוואָס שווייגן עס די מוזיקאַנטן, איך בעט דיך? די צייט שטייט דאָך נישט. איצט פּאַסט זיך אַ קאַדריל צו טאַנצן...“

און ווי מיר רעדן אַזוי, צעגיסן זיך מיטאַמאָל די פידלען מיט די טרומייטן, און מיר שווימען ביידע אַוועק איבערן זאַל, ביידע שטאַרק געטוליעט צו אייניאַנדער, און מיר טאנצן צווישן טאַנצנדיקע יונגע פּאָרלעך, אויך אַזעלכע גליקלעכע, ווי מיר, און איך זע, ווי עס צעבליען זיך איר די באַקן, און עס גרע-סערן זיך איר די פייערלעך אין די אויגן און הייס און נאָענט איז איר אָטעם און טיפער פאַרגראָבט זיך איר האַנט אין מיינער און די פיס שווימען און שווימען איבער דער פּאָדלאָגע, און זי שעפּטשעט מיר קוים צום הערן:

„דיר איז גוט?“

און איך זאָג:

„מיר איז בעסער, ווי גוט...“

און זי זאָגט:

„וואָס הייסט בעסער, ווי גוט?“

און איך זאָג:

„בעסער, ווי גוט, הייסט, אַז מען פילט נישט די ערד אונטער די פיס, אַז מען האַלט אַזאַ האַנט, ווי דיינע, און מען פאַרדריקט זי שטאַרק צווישן די פינגער...“

און זי זאָגט:

„אָבער איך גיין שוין מיד...“

„שוין מיד?“

„ניין, מיר וועלן נאָך ווייטער טאַנצן, מיר וועלן נאָך טאַנצן און טאַנצן, אָבער איצט מוז איך אַ ביסעלע אָפּרוען...“

פיר איך זי פּאַוואָליע אַרויס פון די טאַצנפּאָרלעך און זעץ זי פּוועק אויף אַ שטול און זאָג צו איר:

„דאָ קענסטו זיך אויסרוען און עפּעס אויך געניסן... איך האָב ניס, מאַנדלען, טייטלען, פייגן, פלוימען, ראָזינקעס, ווייַן און בראָנפן. עס און טרינק, טייערע...“

אַזוי האָב איך גערעדט צו איר, אָבער איר פאַרשטייט דאָך, אַז דער עסער און טרינקער בין איך גאָר געווען, און געדע איז בלויז געווען אַ זיסער אָנשטעל פון דמיון...

נאָכן עסן האָבן מיר ווידער געטאַנצט און די מוזיק האָט אַזוי שיין געשפּילט.

און איך זע אַזויפיל פנימער אויפן באַל, אַזויפיל פרייַלעכע פנימער, און איך הער אַזויפיל געלעכטער.

אַלע לאַכן און אַלע ווײַצלען זיך, און קיין איין אומעטיקע געשטאַלט איז נישטאָ. און אויף אַלץ ליגט אַזויפיל ליכט און גלאַנץ פון די הויכע ליכט, פון די גרויסע לאָמפּן.

און די מוזיקאַנטן ווערן נישט מיד און נישט מיד ווערן אויך די פיס פון די טענצער.

איינע ציען די אַנדערע, איינע ווירקן אויף די אַנדערע.

און געדע גליטשט זיך מיט מיר צווישן די טענצער, צווישן הייסע אָטעמס און שפּילנדיקע אויגן, און ערשט, אַז די נאַכט פאַלט אָפּ פון די פענסטער און בלאַס ווערט דאָס פייער פון די לאָמפּן און ליכט, הער איך ווידער געדעס שעפּטשען:

„איך וואָלט ווידער געוואָלט רוען אַ ביסל...“

„נו, און נאָכדעם?“ — פרעג איך.

„און נאָכדעם טאַנצן מיר ווידער“, — שמייכלט זי.

און אַז זי זעצט זיך אויפן שטול, לייג איך ווידער פאַר: ניס, פלוימען, טייטלען...

און זי עסט, קינדער, דאָס הייסט איך עס...

אַזוי פּראַווע איך אָפּ מיין באַל, ביז איך ווער מיד פון פאַנטאַזיעס און פון ווײַן און ווער אַנטשלאָפן, ווי אַ דערהרגעטער, אויפן געלעגער.

אויפגעשטאַנען בין איך אָבער אַ מונטערער, אַן אָפּגעפרישטער און האָב מיך גלייך אַװעקגעלאָזט צו מיינע שטענדיקע רעוויזיעס.

דאָסמאָל האָב איך מיך אַרויפגעקריגן עפּעס אויף אַ הויכן אומבאַקאַנטן קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען ווייט פון מיין פּעסטונגל, ערגעץ אין אַ ווינקל פון אונטערדעק, און פון דעמדאָזיקן קאַסטן האָב איך אַרויפגעקלעטערט אויף נאָך אַ קאַסטן.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך מיך דעמאָלט אַ ביסל דערשראָקן. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ צו הויכע און אַ צו ווייטע עקספּעדיציע און איך האָב געקענט ברעכן האַלדז און נאַקן. אגב, זענען דאָס פאַר מיר געווען „טויטע״ קאַסטנס: מיין נאָז, דערדאָזיקער פּעיקער שפּיאָן, האָט מיר געזאָגט, אַז די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין די קאַסטנס, האָבן נישט קיין שום שייכות מיט אַ מענטשישן מאָגן...

איך האָב מיר משער געווען, אַז דאָרטן דאַרפן ליגן פאַרשידענע צעמענטן אָדער אַפילו מוסטערן פון שטיינער, וואָס ווערן געפירט, אַלס פראַכט, אין אונטערדעק. וואָס טויגן מיר, פרעג איך, צעמענטן אָדער שטיינער? עסן קען מען זיי נישט און גיין בויען עפּעס האָב איך נאָך דערוויילי נישט קיין פרייען פּלאַץ...

איך האָב שוין געוואָלט אַראָפּקריכן פון דעמדאָזיקן משונהדיקן טורעם פון קאַסטנס, אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהייבן מיין פּלאָג: איך האָב מיך פאַרפּלאָנטערט און האָב פאַרלאָרן דעם וועג אויף צוריק... איך האָב נישט געקענט אַראָפּגיין פון די קאַסטנס.

און אַז מען פאַרלירט אַ וועג אינדערפינסטער, הייסט עס אויפן פּשוטן מענטשלעכן לשון, אַז מען פאַלט אַריין אין אַן אומגליק...

איך בין שוין אָבער געווען אַזוי זאַט מיט אומגליקן, אַז איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרצווייפלטער...

אין קאָפּ האָבן זיך מיר שוין באַוויזן יפֿנע רעיונות, וואָס קומען שטענדיק מיט מוסר צו מיר אין אַן עת־צרה: „סטייטש, גזלן, ווי פאַרקריכט מען עס אַזוי ווייט און אַזוי הויך? און וואָס האָסטו דאָ געזוכט און וואָס האָסטו דאָ געקענט זוכן? אַ משוגענער קאָפּ קען זיך לאָזן אין אַזוינע אַוואַנטורעס און אַ נאַרישער יונג קען אַזוי לייכטזיניק ריזיקירן...“

און איך בין געזעסן אַ פאַרצווייפלטער און בעת מעשה געפילט, אַז דידאָזיקע רעיונות זענען גערעכט...

און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָב איך געפּרוווט אַראָפּ־קלעטערן פון די פאַרשאָלטענע קאַסטנס, אָבער עס גייט נישט: דאָ איז פאַרשטעלט און אין דער זייט איז פאַרלייגט און דאָ, ווידער, איז סתם נישטאָ אויף וואָס אָנצושפּאַרן דעם פוס, אַזוי, אַז מען קען פשוט געהרגעט ווערן, ווען מען זאָל פּרוּוון אַראָפּקריכן.

מיר האָט זיך אָבער פאָרט נישט געגלויבט, אַז דאָ, אויף דידאָזיקע קאַסטנס זאָל זיך אָפּשפּילן מיין ווייסטער סוף אין אונטערדעק...

אויף אַ ווייסטן סוף האָב איך אַפילו געוואַרט, אָבער אַז דאָס זאָל ער זיין נאָך מיין גאַנצן קאַמף און נאָך אַלע מיינע אָנשטרענגונגען — דאָס האָט זיך מיר עפּעס נישט געלייגט אויפן זינען.

איך פאַרשטיי דערטרונקען ווערן, שטאַרבן פון הונגער אָדער דורשט, צעריסן ווערן פון ווילדע בייסיקע קריסעס, אָבער איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי קען מען אַזוי מיאוס און נאַריש ענדיקן דאָס לעבן ערגעץ אינדערהויך אויף קאַסטנס בלויז דערפאַר, ווייל מען האָט פאַרלאָרן דעם וועג אויף צוריק?

פון פאַרצווייפלונג בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ היסטערישן געלעכטער, פון היסטערישן געלעכטער אין געוויין, פון געוויין ווידער אין פאַרצווייפלונג און נאָכדעם ווידער אין געלעכטער.

פאַר אַ זייטיקן מענטשן וואָלט איך דעמאָלט זיכער אויס־געזען ווי אַן עכטער משוגענער, ווי אַ ווילדער מטורף, וואָס קיין דאָקטאָר און רופא האָט אים שוין נישט געקענט העלפן.

שטייט אַ יונג אינדערהויך און וויינט און לאַכט און קלאַפט מיט די פיס און האַלט נאָך אַ מאַטראָזן־מעסער אין דער האַנט !...

אָדער טויט, אָדער לעבן!

אין דער מינוט בין איך געוועזן פעיק אויף אַלץ. ווי דאָס זאָל נישט זיין — איך האָב דאָך פאָרט אַ שאַרף מעסער אין דער האַנט!

איך האָב מיך אויפגעשטעלט אויף די קאַסטנס: מיין קאָפ האָט דערגרייכט דעם פאָרדעק פון דער שיף...

אַך, ווי כאַפט מען זיך אַריבער אויף יענער זייט!

דאָרט, אויבן, אויפן פאָרדעק, גייט מען אַרום און מען זעט די זון און דעם ים. דאָרט זינגט מען, דאָרט לאַכט מען און מענטשן האָבן דאָס גליק צו רעדן צווישן איינאַנדער...

איך האָב מיך צוגעהערט: אפשר וועט מיר פאָרט אַריינ־פאַלן פון דאָרט אַ קלאַנג אין געהער...

אָבער אַלע קלאַנגען האָבן מיך אויסגעמידן, און ווי אַ טויבער בין איך געשטאַנען אויף די קאַסטנס.

אַ צייט לאַנג בין איך אַזוי געשטאַנען. איך האָב נישט געוווסט, וואָס מען טוט. איך האָב אָבער באַשלאָסן, אַז איך מוז אַראָפגיין פון דעמדאָזיקן געפערלעכן טורעם, וואָס האָט נישט קיין טרעפ און וואָס קען אינדערפינסטער פאַרפירן אַ מענטשן...

קיין פלאַן, ווי אַזוי איך זאָל אַראָפּגיין, האָב איך נאָך אַלץ נישט געהאַט. ביי מיר איז שוין איצט פּשוט געווען רעכט, איך זאָל אויף קיין זאַך נישט קוקן און זאָל מיך אַראָפּגליטשן, אָדער אַראָפּשליידערן פון אויבן אַראָפּ, כאָטש איך מעג מיך בעת מעשה צעקלאַפּן און צערייסן דאָס לייב אויף שטיקער. קיין אַנדער אויסוועג האָב איך נישט געהאַט.

און אָט פאַר דער ערשטער באַוועגונג פון דעמדאָזיקן פאַרצווייפלטן פלאַן האָב איך מיך נישט ווילנדיק אויפגעהייבן אויף די שפּיץ פינגער און אָפּגעקלאַפּט דעם קאָפּ אָן שיפדעק...

איך האָב מיך, קענטיק, געוואָלט אָנגעמען מיט מוט און האָב מיך דעריבער אויפגעהייבן אויף די שפּיץ פינגער.

פונם קלאַפּ אין קאָפּ האָבן מיר אויפגעציטערט די נערוון, רויטע רעדער האָבן זיך מיר אַ דריי געטאָן פאַר די אויגן.

איך האָב געהאַט אַ געפיל, ווי איך וויל אומפאַלן אין חלשות...

מיט פאַרדריקטע ציין האָב איך איינגעשטעלט ברייטער די פיס אויפן קאַסטן, איך זאָל נישט אומפאַלן, און אויף מיר האָט זיך פלוצלונג גענומען שיטן שטויב פון אויבן...

וואָס איז דאָס? פונוואַנען פאַלט אַזאַ שווערער שטויב?

איך האָב אויפגעהייבן די האַנט צום שיפדעק און האָב אָנגעטאַפּט אַ פאַרשטויבטע ראַגאָזשע...

אַ פיר געטאָן אינדערהויך מיטן מעסער אַהין און צוריק — און אַ שטיק טאָג, אַ שטיק הימל, אַ שטיק ליכט האָט מיר אָן רחמנות אַ זעץ געטאָן אין די אויגן...

וואָס איז געשען? וואָס פּאַסירט דאָ מיט מיר? בין איך ביי די געזונטע רעיונות? איז דאָס אפשר אַ חלום אָדער איך בין גאָר טאַקע אויף אַן אמת משוגע געוואָרן

געוואַלד! ליכט! ליכט! ליכט!

## דער ערשטער מאָמענט.

איך געדענק, אַז אין דעם ערשטן מאָמענט האָב איך דערפילט א שרעקלעכן שניידיקן ווייטיק אין די אויגן און אינגאַנצן גוף, פונקט ווי עמעץ וואָלט מיך געשניטן מיט אַן אָנגעבערענטן מעסער. איך האָב גענומען אומפאַלן און זיך אָנכאַפּן מיט די הענט פאַר די אויגן. אָבער דער געדאַנק, אַז מיין קבר איז אויפגעריסן געוואָרן און אַ שטיק לעבעדיקער טאָג האָט אַריינגעשאָסן אין דער פינסטערניש, אין דעם חושך מצריים און האָט מיר געעפנט צוריק די וועלט און דאָס לעבן, האָט מיך אַזוי דערפרייט און אויפגעמינטערט, אַז איך האָב איבערגעשטאַרקט די יסורים פון די אויגן און האָב גאָרנישט געוואָלט הערן פון מיינע ווייטיקן...

איך האָב מיך אויפגעהייבן פון אָרט, אָפּגעריסן מיט רציחה די הענט פון די אויגן און גענומען קוקן אויפן שטיק טאָג, וואָס האָט זיך דורכגעריסן צו מיר דורך דער צעשניטענער ראַגאָזשע...

איך האָב געקוקט און געקוקט, די אויגן האָבן מיר גע־טרערט... און איך האָב געהאַט אַ געפיל, ווי איך וואָלט צום ערשטן מאָל אין לעבן געזען דעם הימל, דאָס ליכט פון טאָג...

דאָרט ווייט, ווייט אויפן האָריזאָנט זע איך וואָלקנדלעך, קליינע, ווייסע, פוכיקע, פונקט ווי קינדערשע קעפּלעך און זיי ציִען זיך און נידערן און גיסן זיך צוזאַמען...

אָך, דאָס זענען גאָרנישט קיין וואָלקנדלעך, נאָר ווייסע מלאכימלעך, וואָס רעדן, וואָס שמייכלען און וואָס קענען זינגען. און זיי זינגען אויך איצט אויפן בלויען הימל און איך הער די מעלאָדיע, וואָס גיסט זיך מיר אין האַרצן צוזאַמען מיטן וואַ־רעמען ווינטעלע...

יאָ, מיינע לונגען זענען אויך אַזוי איבעררעשט געוואָרן, ווי די אויגן... איך האָב איצט צום ערשטן מאָל געאָטעמט מיט פרישע לופט. און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך אויך איצט געפילט, אַז לופט, פשוטע לופט, קען האָבן אַ טעם פון ווייַן...

אַלע מיינע אברים זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט כּוחות און מיט שוואַכקייט צוזאַמען...

עס האָט מיך געצויגן צו גבורה, צו העלדישע מעשים, צו דאַנקבאַרקייט (פאַר וועמען?) און עס האָט מיך געצויגן צו דער ערד, צו חלשות, צו שלאָפן...

אָך, וואָס פאַר אַ מידקייט אין מיר האָט זיך אָפּגעזעצט!

ווען איך וואָלט געהאַט אַ מאַמען, האָט זי מיך איצט באַדאַרפט אַנידערלייגן אין אַ ווייכן ווייסן בעט מיט אַ קאַלטן קאָמפּרעס אויפן קאָפּ...

און זי האָט באַדאַרפט זיצן לעבן מיר און גלעטן מיך ביי דער האַנט... און אויף קיין איין מינוט נישט אָפּטרעטן פון בעט און אַרויסווייזן מיר איר גאַנצע גוטסקייט, איר גאַנצע מאַמעשאַפט...

און ליכט און לופט האָט זי מיר באַדאַרפט געבן צו ביסעלעך, צו טראָפּעלעך, נישט מיטאַמאָל, נישט אין גרויסע פּאָרציעס, ווייל דאָס קען מיר שאַטן...

איין מאָל אַ שטיקעלע זון און אַ שטיקעלע הימל, און נאָכדעם ווידעראַמאָל אַ שטיקעלע זון און אַ שטיקעלע הימל...

ביז איך וועל געזונט ווערן און זיך אַוועקשטעלן אויף די פיס.

אין מיר האָט זיך איצט געראַנגלט כוח מיט שוואַכקייט, חלשות מיט שטאַרקן ווילן...

אָבער די לופט, די פרישע ים-לופט מיט דער לייכטער געזאַלצנקייט האָט מיר דערווייל מער געדינט, ווי דאָס ליכט, ווי דאָס בילד מיט די ווייסע וואָלקנדלעך-מלאכימלעך...

דאָס ליכט האָט מיר דערווייל געגעבן פרייד פאַר דער נשמה, אָבער די לופט איז געווען אַ רפואה, אַ היילונג, אַ שטאַרקונג פאַר די הענט און פיס, פאַרן האַרץ, פאַרן בלוט און פאַרן גאַנצן גוף.

זי האָט מיך דערהאַלטן אויף די פיס.

איך האָב פאַרברייטערט דאָס לאָך אין דער ראַגאָזשע און געוואָרפן אַ בליק אויף דער שיף.

אַפּנים, אַז דאָס אָרט, וווּ איך בין געשטאַנען, האָט זיך געפונען אין עק פון הינטערשטן שיפטייל.

קיינער איז דאָ נישט געגאַנגען, קיינער האָט דאָ נישט געהאַט וואָס צו טאָן.

איך האָב עטוואָס אָנגעשטרענגט די רעיונות, און האָב באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז פאַר אַ ראַגאָזשע און וואָס דאָס איז פאַר אַן עפענונג.

איך בין דאָך עפּעס געווען אַ ייִנגל, וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל פּראַקטיק אין שיפן.

דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ פּשוטע עפענונג אין אונ־טערדעק, אַ מין רעזערוו־טירל, אַ קליינס און אַ זייטיקס, מיט וועלכן מען האָט זיך נישט באַנוצט.

אינגאַנצן פאַרשלאָגן האָט מען עס נישט באַדאַרפט, ס'איז דאָך עפּעס פאָרט אַ טיר, האָט מען עס פון אויבן באַצויגן מיט אַ ראַגאָזשע און פאַרלייגט מיט אַ ברעט.

דער קלאַפּ פון מיין קאָפּ האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם ברעט, די ראַגאָזשע האָט מיך באַשאָטן מיט שטויב, איך האָב זי איבער־געשניטן מיטן מעסער, אַליין נישט פילנדיק וואָס איך טו, און אָט אַזויאַרום איז מיר גאַנץ צופעליק, אין אַ מאָמענט, ווען איך בין געשטאַנען אַ פאַרצווייפלטער און געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי אַראָפּצוגיין פון די קאַסטנס, געעפנט געוואָרן דער קבר!...

איך האָב מיך אומגעדרייט מיטן פּנים צום אונטערדעק און אַ קוק געטאָן אויף מיין תּפיסה...

דער טאָג האָט שוין איצט אַריינגעשאָסן אין איר אַ סך ליכט און האָט אויפגעדעקט אַ משונהדיקן כאַאָס פון קאַסטנס און פעסער און זעק און קערב, מאַנכע צעהאַקט און צעלעכערט, צעקלאַפּט און צעוואָרפן פון מיינע הענט...

דאָס ייִנגל האָט דאָ אָנגעמאַכט אַ היבשן חורבן, מען קען נישט זאָגן. ער האָט דאָ געבאַלעבאַטעוועט מיט דער פולער האַנט, ווי ביי זיך אינדערהיים. ער האָט אָבער קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און האָט געמוזט באַלעבאַטעווען. ער האָט דאָ אָנגעמאַכט אַ חורבן נישט פון פאַרגעניגן וועגן, נישט פון שקאָצעריי, נאָר פון נויט און פּיין.

איך ווייס נישט, צי וועט מיר עמעץ קענען פאַרוואַרפן דערפאַר, אין איך פיל מיך נישט שולדיק...

אַך, גאָט איז מיין עדות, אַז איך בין נישט שולדיק. מיין

איינציקע שולד דריקט זיך אפשר אויס דערין, וואָס איך האָב געוואָלט בלייבן לעבן...

יאָ, אויב וועלן בלייבן לעבן איז אַ חטא, טאָ זאָל מען מיך משפטן פאַרן חורבן אין אונטערדעק...

אין די ווינקעלעך און דורכגאַנגען צווישן די פּראַכטן האָב איך איצט געזען די אומרויִקע גרויע רוקנדלעך מיט די לאַנגע האַרטע עקן פון די פּאַסקודנע קריסעס...

זיי זענען אַרומגעלאָפן, ווי משוגע.

דאָס טאָגליכט האָט זיי איבערראַשט נישט ווייניקער, ווי מיך...

אָבער זיי האָבן פיינט ליכט, ווי איך האָב פיינט פינ-סטערניש. זיי קענען נישט לעבן אין ליכט. זיי האָבן זיך גע-וואָרפן אומרויִק פון איין ווינקל אין אַ צווייטן און זיך גע-טוליעט צו יעדן שטיקל חושך, צו יעדן שטיקל פינסטערניש, וואָס זיי האָבן געפונען אונטער די פּראַכטן.

איך האָב געזען, ווי זיי לויפן משוגענערהייז, פונקט ווי עמעץ וואָלט זיי צעריינגעשטאָכן אַ שפּילקעלע אין די עקן, און אַ פיינלעך-זיס געפיל פון נקמה האָט מיר אָנגעפילט דאָס האַרץ!

דאָס בעסטע מיטל קעגן דידאָזיקע העסלעכע בריאים איז ליכט — אָט דאָס, וואָס איך זע איצט, ווען איך הייב אויף די אויגן צום הימל (עס גלויבט זיך מיר גאָרנישט!), צום ווייטן האָריזאָנט.

אַ פאַרכישופטער, אַ געשטאַרקטער און אַן אָפּגעשוואַכטער, בין איך נאָך אַ ליין געשטאַנען אויף די קאַסטנס און געטרונקען לופט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ און געטרונקען ליכט מיט אַ פאַרשרעקטן אויג...

פון מינוט צו מינוט האָבן זיך געענדערט די וואָלקנדלעך אויפן הימל: דאָ זענען זיי געווען ווייס און קליין, דאָ ברייט

און צוצויגן מיט גרויע ברעגן און דאָ האָט געגומען שפּילן אויף זיי אַ גאָלדענער אַפּשיין...

און דער הימל איז געווען בלוי און טיף און איך האָב געשפּירט פון אים אַ מחיהדיקע קילקייט אין האַרצן...

איך האָב געאָטעמט, ווי אַ מענטש, וואָס איז מיטאַמאָל אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון אונטער אַן איינגעפאַלענעם הויז, פון אַ פאַרשאָטענעם גרוב...

נו, און נאָכדעם, אַז איך בין געווען עטוואָס אָנגעזויגן מיט לופט און ליכט, האָב איך געוואָלט אַרויסקריכן פּאַוואָליע אויפן שיפדעק...

איצט קען איך עס דאָך טאָן!

דאָס דאַרף זיין גאָרנישט שווער, ווען איך זאָל אַרויפּ־שטעלן אַ קליינעם קאַסטן אויף דעם גרויסן טורעם, ווו איך שטיי. ווי אַזוי אַראָפּצוגיין פון די קאַסטנס, זע איך שוין אויך. דער טאָג איז דער בעסטער העלפער אין אַזוינע זאַכן. דאָס, וואָס איז פאַר מיר פריער געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט, איז פאַר מיר איצט אַ קלייניקייט, אַן אַרבעט פון אַ פּאָר מינוט.

דער טאָג ווייזט מיר, ווו אָנצושפּאַרן אַ פוס, ווו אָנצו־האַלטן זיך מיט אַ האַנט, און באַלד שטיי איך אויף דער פּאָד־לאָגע פון אונטערדעק און זוך מיט זעענדיקע אויגן אַ קליינעם קאַסטן.

אינסטינקטיוו אָבער גיי איך צו מיין פעסטונגל (מיט וואָס פאַר אַ זיכערע טריט!). כאַפּ אַראָפּ מיין זייגערל פונם „טישל", מיין „לוחל" און מיינע ליפּן שעפּטשען:

„צום לעצטן מאָל! צום לעצטן מאָל! אַדיע, קברל מיינס, אַדיע, קעלערל! צום לעצטן מאָל! צום לעצטן מאָל!..."

איך האָב איצט אַלץ און אַלעמען מוחל געווען, אַפילו די קריסעט אויך...

מילא, כאַפּט זיי דער רוח! אפשר זענען זיי אויך גערעכט!
ווארים זיי ווילן דאָך אויך לעבן, נישט וואָר, קינדער?...

דער טאָג האָט מיך אומעטום באַגלייט אין אונטערדעק, פּונקט ווי ער וואָלט מיר געטראָגן פאָרויס אַן אָנגעצונדן ליכט...

איך האָב, ענדלעך, געכאַפּט אַ ליידיקן קאַסטן און האָב כּונדאָסניי אַרויפגעקלעטערט אויפן טורעם...

ווי לייכט דאָס איז צוגעגאַנגען, ווי שנעל, ווי געשיקט.

איצט, אַז איך האָב מיר גענומען צו הילף דעם קליינעם קאַסטן, האָב איך מיך געקענט אַרויסרוקן פון דער עפענונג...

אָט קריך איך אַרויס מיטן קאָפּ, מיטן האַלדז און אָט מיט דער ברוסט...

ליבער גאָט, דאָס איז געווען אַזאַ מינוט, וואָס איך וועל זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווען איך זאָל לעבן טויזנט לאַנגע יאָר אויף דער וועלט!

איר פאַרשטייט, וואָס מער איך האָב מיך אַרויסגערוקט פון דער עפענונג, אַלץ מער טאָג האָב איך געזען, אַלץ מער הימל, אַלץ מער ליכט.

מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ ליכטיקע וואַרעמקייט און אַזאַ וואַרעם ליכט, אַז דאָס האַרץ האָט מיר געוואָלט אַרויס־שפּרינגען פון דער ברוסט, און אין מיר האָט זיך מיטאַמאָל אַ ווייג געטאָן דאָס בלוט, די נערוון, דער זאַפט אין די ביינער...

איך האָב פאַרלאָרן די געדאַנקען...

צום האַלדז איז מיר צוגעטראָטן עפּעס אַ זיסע אָפּגע־חלשטקייט...

איך האָב נישט געוווּסט, וואָס איך טו: איך האָב מיך געוויגט, ווי אַ דין צווייגל אין ווינט, אָן כּוחות, אָן געדאַנקען, אָן ווילן...

די אויגן האָבן זיך מיר געוואָלט צומאַכן, דאָס האַרץ איז געבליבן שטיין...

מיט גרויס אָנשטרענגונג האָב איך איבערגעהייבן אַ פוס, נאָכדעם דעם צווייטן, די הענט האָבן מיר שטאַרק געציטערט...

איך בין געשטאַנען אויפן שיפדעק, אין טאָג, אין ליכט, אין פרישער ים־לופט...

מיין אויג האָט קיין איין מענטשן נישט געזען.

דאָס איז געווען אויפן הינטערשטן טייל פון דער „אינקאַ", ווייט פאַררוקט אין אַ ווינקל.

מיין אויער האָט אָבער אויפגעכאַפּט קלאַנגען.

עמעץ האָט געריידט. עמעץ האָט באַפוילן. עמעץ האָט געזונגען, און ערגעץ הויך איבערן קאָפּ, אויף די שטריקליי‌טערס, האָט עמעץ געפייפט און געלאַכט...

איך האָב נישט אויסגעהאַלטן. איך האָב געפילט, אַז איך לאָז מיך אַראָפּ, אַז אַ שווער חלשות וויקלט מיך אַרום, און איידער איך בין אומגעפאַלן, האָב איך אויסגעשריען מיט די לעצטע כוחות...

# דער סוף.

געעפנט די אויגן, האָב איך געזען, אַז איך ליג אויפן שיפדעק אויף אַ ווייכן מאַטראַצל, און אַרום מיר שטייען אַזויפיל הויכע דערוואַקסענע מענטשן מיט ברייט אויפגעריסענע, שטאַרק פאַר־חידושטע אויגן. קיינער פון זיי האָט נישט קיין בייז געזיכט, אָבער אַלע פנימער זענען עפּעס שטאַרק אָנגערוקט און ערנסט. אין זוך אַ שמייכל און געפין נישט, איך וויל הערן אַ גוט וואָרט און הער נישט...

עמעץ מיט אַ האַרט בערדל און גרויסע שווייגנדיקע אויגן בויגט זיך אָן צו מיר מיט אַ פלעשל אין האַנט, און גיסט מיר אין מויל אַריין עפּעס אַ שאַרפע פליסיקייט.

איך טרינק און עס ווערט מיר לייכטער. פּאַוואָליע, פּאַוואָליע, פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיי צוריקגעהאַלטן, קערן זיך אום די כוחות צו מיר...

איך בין נאָך אַלץ אַזוי שוואַך, אַז מיטאַמאָל לעשט זיך מיר אויס דאָס ליכט אין די אויגן און איך זע שוין מער גאָרנישט.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך ליג אַזוי, אַ בלינדער, אָן באַוווּסטזיין, אָבער אַז איך קום ווידעראַמאָל צו זיך, איז ווידער טאָג אינדרויסן, די שיף שניידט די וואַסערן, די מאַשינעס קלאַפּן, די שטריקלייטערס וויגן זיך אינדערהויך און איך ליג מיר אויפן ווייכן מאַטראַצל, אַרומגערינגלט פון מאַטראָזן.

איצט קען איך שוין שמייכלען, און איך שמייכל צו די־דאָזיקע ברייטע, פאַרווינטיקטע און אָפּגעברענטע פּנימער.

און עמעץ זאָגט:

„יאָ, דער יונג איז אין אָרדענונג...“

און אַ צווייטער זאָגט:

„ער קריגט ביי מיר נישט קיין שמיץ, ווייל ער איז אַ העלדישער יינגל...“

„דאָס וועט זיין אַן אויסגעצייכנטער מאַטראָז!“ — וואַרפט צו אַ דריטער.

„וואָס איז דאָ צו רעדן, אַ געבוירענער ים־יונג!“ — זאָגט אַ פערטער.

אַלע רעדן, אַלע שיטן מיט ווערטלעך, אָבער אָן כּעס, אָן פאַרדרוס, נאָר מיט ליבע און רחמנות צו דעם אָרעמן יינגל, וואָס איז פּלוצלונג אין מיטן העלן טאָג אַרויסגעקראָכן פון אונטערדעק, ווי אַ קליין שוואַרץ ברודיק באַוואַקסן שרעלע...

„ווי אַזוי האָסטו עס אָבער געקענט אויסהאַלטן אין אַזאַ קבר, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן!“ — פרעגט ווידער איינער מיט אַ פּנים פון אַ ים־גזלן, אָבער מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע.

„דו גיב נאָר אַ קוק, דזשעקסאָן, וואָס פאַר אַ חורבן ער האָט אָנגעמאַכט אין אונטערדעק, וועסטו וויסן, ווי אַזוי ער האָט דאָרט געלעבט,“ — שרייט עמעץ אַ צווייטער.

„ער האָט געפרעסן, ווי הונדערט טויזנט קריסעס, כאַ־כאַ־כאַ!“

„אָבער אַ װוילער יונג, עס שאַדט נישט!"

„װער האָט טענות צו אים!"

„און אַז איך װאָלט אַרײנגעפאַלן אין אַזאַ נאָרע, װאָלט איך מסתמא אויך געפרעסן נישט ערגער פון אַ װאָלף!"

„און װען איך בין קאַפּיטאַן, גיב איך אים אַ מעדאַל פאַר שטאַרקייט און אויסגעהאַלטנקייט!"

„נו, אַזױנע ייִנגלעך זענען קיין סך נישטאָ."

„אויף אַזױנע יונגען קען מען זיך פאַרלאָזן."

„זאָל ער זיך נאָר שטעלן אויף די פיס, נישקשה, ער איז שוין אונדזערער."

„װאָס מיינסטו, ער װעט דען לאַנג ליגן?"

„דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום װעט ער שוין זיין פולקום געזונט. מען דאַרף אים נאָר געבן גוט צו עסן."

„אַז ער איז דאָרט אַנידערגעפאַלן אין װינקל, לעבן טירל, האָט ער גאָרנישט אויסגעזען, װי אַ מענטש, נאָר װי אַ קריסע..."

„יאָ, ער האָט געמוזט האָבן גענוג אויסצושטיין פון די קריסעס."

„איך שטעל מיך פאָר."

„מיט פינף יאָר צוריק האָבן קריסעס אויף דער „סילװא" צעביסן דעם אויװונהייצער. דעם פוס האָבן זיי אים צעביסן, און מען האָט דעם פוס געמוזט אָראָפּנעמען... און דער אויװונ-הייצער איז דאָך געװען אַ מענטש אַ ריז... נישט קיין ייִנגעלע..."

„יאָ, אַ מעדאַל איז װערט דער יונג!"

אָט אַזױ האָט זיך דער עולם דורכגעשמועסט, און איך האָב עס אַלץ געהערט. איך קען אייך גאָרנישט שילדערן, װי מיר איז געװען אויפן האַרצן. דידאָזיקע װערטער האָבן אויף מיר געװירקט בעסער, װי די גוטע מאכלים און די טייערע

זויינען, מיט וועלכע מען האָט מיך עפּעס מחיה געווען, לויט דער אינסטרוקציע פון דאָקטאָר.

איך האָב איינגעזען, אַז אַ גוט וואָרט ווירקט טייל מאָל בעסער, ווי אַ רפואה...

און פּלוצלונג שווימט מיר אַרויס פון מענטשן-געזעמל עפּעס אַ באַקאַנט פּנים מיט צוויי גוטע שמייכלענדיקע אויגן, און איך קען מיך נישט דערמאָנען, ווער איז אָט דער מענטש, ווו האָב איך אים געזען און ווען, ביי וואָסערע אומשטענדן, האָב איך גערעדט מיט אים.

אָבער די אויגן ביי דעמדאָזיקן מענטשן צעשמייכלען זיך נאָכמער און ער בויגט זיך אָן צו מיר און פרעגט:

„און ווו איז דאָס מעסערל?...“

„אַך, וואָטערס!“ – שריי איך אויס און צי מיך מיט די הענט צו אים. – „אייער מעסערל, וואָטערס, האָט מיך פּשוט געראַטעוועט... איך וואָלט דאָרט, אין קבר, אויסגעגאַנגען פון הונגער און דורשט, ווען נישט אייער מתנה... דאָס מעסערל האָט מיר געדינט, ווי אַ פריינט. מיט אים האָב איך מיר גע- פונען עסן, וואַסער... מיט זיין הילף האָב איך מיר איינגעאָרדנט מיין פּעסטונגל...“

און די מאַטראָזן וואַרפן זיך ווידער איבער מיט ווערטער:

„דו הערסט אַ לשון פון אַ יונגו!“

„יאָ, ס׳איז שוין איינמאָל אַ יונג!“

„הער, ווילי, וואָס איך וועל דיר זאָגן, מיר מעגן דאָך רעדן צווישן זיך אָפענע דיבורים: דו ביזט אַפילו אַ גאַנץ מו- טיקער מאַטראָז און אַ גאַנץ בראַוווער מענטש, און פונדעסטוועגן וואָלסטו נישט אויסגעהאַלטן: דו וואָלסט אַוועקגעפאַרט אין אונטערדעק, ווי אַ קרעציקער כּלב...“

ווילי, אַ הויכער דאַרער מאַטראָז, מיט אַ לאַנגער נאָז, האָט אָפּגעמאָסטן זיין חבר מיט אַ בייזן האַרבן בליק.

„און איך זאָג“, — האָט ער זיך אָנגערופן אַ צערייצטער, — „אַז דו ביזט אַליין אַ קרעציקער הונט און דערצו נאָך אַ מיאוסער פּחדן. געדענקסטו, ווי דער יונג פון „גריטאַניע“ האָט דיר גוט אָנגעבראָכן די ביינער אין האַווער? אויב דו ווילסט, קען איך דיר עס נאָך איצט ווידעראַמאָל אָפּפרישן אין זכרון...“

„דו האַלסט דעם פּיסק, דו אָפּגעבּרענטע האָלאָוויעשקע, דו אָפּגעניצטער בעזים, דו געלער וואָרעם!“ — האָט זיך יענער שטאַרק צעקאָכט. — „איך וועל דיר אַריינפּאָרן מיטן בינטל פינגער אין די אויגן, וועסטו גיין שלאָפן צו דיין באָבען!..“

די מאַטראָזן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די פויסטן צו איינאַנדער. זיי זענען געווען אויפגערעגט און צוהיצט, ווי משוגעים. מען האָט זיי אָבער פאַנאַנדערגענומען און צו אַ געשלעג איז נישט געקומען.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן ביידע געמיטלעך געשמועסט, ווי גוטע חברים, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך פריער גאָרנישט געוואָרפן אויף איינאַנדער מיט אַזאַ רציחה.

וואָטערס האָט געבעטן, איך זאָל פאַרציילן באריכות, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין אונטערדעק פון אָנהייב ביזן סוף.

„דו פאַרצייל“, — האָט ער געזאָגט, — „אַלץ: ווי אַזוי דו האָסט זיך אַרויפגעגנבעט אויף דער „אינקאַ“, ווי אַזוי דו האָסט זיך אַריינגעקראָגן אין אונטערדעק, ווי דו האָסט דאָרט געלעבט, וואָס דו האָסט געגעסן, געטרונקען, אַלץ, אַלץ, פאַרשטייסט, און דער עיקר, ווי אַזוי דו האָסט דיך דערקראָגן צום טירל אין הינטערשטן טייל און האָסט זיך אַרויפגעפּאַקט אויפן שיפדעק... דו קענסט דערציילן געלאַסן, נישט געאײַלט, וואָרים מיר האָבן איצט גראַדע עטלעכע פרייע שעה. דערצייל פאַר

אַלעמען, זאָלן אַלע הערן. ווייסט דאָך, מאַטראָזן האָבן ליב מעשיות, און ווער רעדט נאָך אמתע מעשיות, וואָס האָבן פּאַסירט אויף דער שיף. אַ בראָווער מאַטראָז וועט אָוועקגעבן דאָס לעבן פאַר זיי..."

איך האָב אים געפאָלגט און האָב אַלץ פאַרציילט...

דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אויף זיי געמאַכט דער קאַמף מיט די קריסעס. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן זיך אַלע געוואָלט אַראָפּלאָזן אין אונטערדעק און זיך נוקם זיין אין דידאָזיקע ברואים פאַר מיינע שווערע איבערלעבונגען.

זיי זענען געשטאַנען אַרום מיר מיט אָנגעצונדענע אויגן און גרויסע מאַטראָזישע פאַרדריקטע פויסטן...

און איך האָב פאַרציילט, פאַרציילט...

צום סוף האָב איך געזען, ווי וואָטערס קערט זיך אָפּ אין אַ זייט און ווישט זיך די אויגן מיטן אַרבל פון דער בלוזע.

די מאַטראָזן האָבן געשוויגן.

מיין דערציילונג האָט זיך געענדיקט. עמעץ פון די מאַטראָזן, קענטיק, שטאַרק גערירט, האָט זיך אָנגערופן:

„זיין הלבשה איז צעפוילט געוואָרן אויף אים. אַז ער וועט אַראָפּגיין פון געלעגער, וועט ער באַדאַרפן גיין נאַקעט. חברים, לאָמיר אים עפּעס צוטראַכטן אַן אָנצוגל".

עטלעכע מאַטראָזן האָבן זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט אין אונטערדעק טאַקע דורך דעם אייגענעם טירל, דורך וועלכן איך האָב מיך אַרויפגעקראָגן אויפן שיפדעק, און מען האָט געבראַכט פון דאָרט עטלעכע שטיקלעך סחורה.

די סחורה איז באַלד צוגעשניטן געוואָרן אויפן אויג, כמעט אָן אַ מאָס, און עטלעכע פאָר הענט האָבן זיך גענומען מיט נאָדל־פאָדעם צו דער אַרבעט.

מיט גרויס התמדה איז דאָס אָנצוגל גענייט געוואָרן.

אַך, ווי ס'איז מיר געווען גוט!

דער הימל האָט מיר געגאָסן ליכט אין האַרצן, די ים־ווינטלעך האָבן מיר אויסגעקושט די באַקן און די כוואַליעס האָבן מיר געזונגען...

איך האָב איצט געזען די זון, נאָך וועלכער איך האָב אַזוי געבענקט אין אונטערדעק.

אַז מען זאָל וועלן מאַכן אַ פאַרגלייך, וואָלט מען אפשר געקענט זאָגן, אַז מיין איצטיקער תענוג איז געווען גרעסער פאַר מיינע יסורים אין קבר. אַך, ס'אַראַ תענוג דאָס איז געווען, און איך ווייס נישט, צי ער פאַלט אויס אויף איין מענטשן פון מיליאָנען...

פון מינוט צו מינוט האָב איך מיך געשטאַרקט און גע־קרעפטיקט. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און געוואָלט כאַפּן אַ טענצל אויפן שיפדעק, אָבער די מאַטראָזן האָבן מיר געהייסן ליגן, ביז עס וועלן פאַרטיק ווערן די הייזלעך מיט דער בלוזע.

„דו ביזט שוין אַ מאַטראָז", — האָבן זיי געזאָגט, — „און דו מוזט אונדז געהאָרכן... איצט זענען מיר דיינע חברים..."

און וואָטערס האָט מיר געגלעט ביים שטערן און ביי די האָר און בעת מעשה שטיל גערעדט:

„נו, דו האָסט דיינס דערגרייכט. גוט איז דאָס, וואָס ענדיקט זיך גוט, פאַרשטייסט? דו ביזט איצט געקומען צו אַ תכלית און האָסט דיינס אויסגעפירט..."

און איך האָב געפרעגט:

„און דער קאַפּיטאַן?"

„וואָס דער קאַפּיטאַן?"

„ער האָט גאָרנישט קעגן מיר?"

„וואָס קען ער האָבן קעגן דיר?"

אַט... זיך אַרויפגעשמוגלט אויפן שיף... נו, און נאָכדעם געבאַלעבאַטעוועט אין אונטערדעק... געמאַכט אַ תל פון פראַכטן... אָנגעטאָן היזק...“

„עך, דו ביזט אַ נאַר!“ — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — „אין אַזאַ פאַל רעכנט מען זיך נישט מיט אַזוינע זאַכן... עס האָט זיך דאָך געהאַנדלט וועגן אַ מענטשנס לעבן, פאַרשטייסט?“

„יאָ, דאָס איז ריכטיק“, — האָב איך געזאָגט, — אָבער איך שרעק מיך דאָך פאַרן קאַפּיטאַן... עפּעס איז ער אַ שטרענגער מענטש, אַ קאַלטער, איך געדענק אים נאָך פון דעמאָלט...“

„דו האָסט אַ טעות“, — האָט וואָטערס געשמייכלט. — „נאַטירלעך, אַזאַ פאַרנומענער מענטש, ווי אַ קאַפּיטאַן, האָט פיינט צו האָבן צו טאָן מיט יינגלעך, וואָס קומען זיך בעטן, מען זאָל זיי אָננעמען אויף דער שיף. ער זעט אין דעם צעלאָזנקייט און הפקרות, און אַ קאַפּיטאַן איז אַ מענטש פון אָרדענונג... ווען ער וואָלט פריער געוווסט, אַז ביי דיר איז דאָס אַ פראַגע פון לעבן און טויט, אַז דו ביזט אַן ערנסטער יינגל, אַז דו האָסט ליב דעם ים, אַז דו ביזט נישט קיין שרעקעוודיקער בטבע און אַז דו ביזט באמת אַ יתום, דאָס הייסט דו נאַרסט אים נישט, וואָלט ער מיט דיר גאָר אַנדערש דעמאָלט גערעדט און ער וואָלט דיך זיכער אָנגענומען אויף דער שיף. ער האָט אָבער געמיינט, אַז דו ביזט אַ יינגל, ווי אַלע צעלאָזענע יינגלעך, וואָס קומען זיך בעטן, מען זאָל זיי מאַכן פאַר מאַטראָזן, און צווישן זיי זענען עפּטער פאַראַן גנבימלעך און אַפילו אַזיינע, וואָס האָבן שוין באַוויזן אין זייער קורצן לעבן צו מאַכן פּליטה פון תפיסה... יאָ, יאָ, פאַראַן אַזעלכע אויך אַפילו. נישט לאַנג האָט די פּאָליציי אַראָפּגענומען פון דער „אילזאַ“ אַזאַ יינגל און דער קאַפּיטאַן איז צוגעצויגן געוואָרן

צום געריכט... מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיק מיט דידאָזיקע לייט! וואָס אָנבאַלאַנגט אונדזער קאַפּיטאַן, ווייס ער שוין אַלץ... ער האָט שוין אפילו געמאַכט אַ וויזיט אין אונטערדעק...״

דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהייבן שטאַרקער צו קלאַפּן. איך האָב אָנגעכאַפּט וואָטערסן פאַר דער האַנט און געפרעגט:

„נו, און וואָס ער געזאָגט? איך שרעק מיך זייער...״

„פאַרוואָס שרעקסטו זיך?״

„דער קאַפּיטאַן איז מסתמא זייער בייז אויף מיר...״

„עס הייבט זיך גאָרנישט אָן!״ — האָט זיך וואָטער צו־לאַכט. — „פאַרקערט, דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט, אַז דו ביזט אַ כוואַט אַ יונג, אַ בראַוווער יונג! ער האָט געזאָגט, אַז דו האָסט אייזערנע כּוחות, אַז דו האָסט געקענט אויסהאַלטן אַזאַ גיהנם. ער האָט דיך זייער געלויבט!...״

דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין פּנים פון פריי־דיקער אויפרעגונג, און, אויפגעזעצט זיך אויפן געלעגער, האָב איך אַרומגעכאַפּט וואָטערסן און אים אַ קוש געטאָן אין דער האַרטער, שלעכט געראַזירטער באַק.

דער טאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, דער אָוונט איז צוגע־פאַלן און מיינע אויגן האָבן דאָס אַלץ געזען.

איך האָב געזען, ווי די זון פאַרגייט, אַ רויטע, אַ בלוי־טיקע, און רויטע בלוטפלעקן ציטערן אויפן וואַסער. דער ים איז אומענדלעך גרויס און אומענדלעך גרויס איז דער הימל און ביידע באַהעפטן זיך מיט די ברעגן. און דידאָזיקע גרויסקייט און דידאָזיקע ברייטקייט גיט זיך מיר אויך איבער. איך שפּיר, אַז איך וואַקס, ווי אַ בוים, ווי איך האָב עס געפילט אין מיין חלום אין אונטערדעק...

איך זע באַשיינפּערלעך, אַז מיין חלום ווערט מקוים.

גאָט אין הימל, וואָס פאַר אַ קורצער וועג עס איז פון גוטס צו שלעכטס, און פאַרקערט!

אָט איז געווען שלעכט, אַז איך האָב געטראַכט מיט הנאה פון טויט, ווי פון אַ דערלייזונג, און אָט איז מיר פּלוצלונג אַזוי גוט, פּונקט ווי איך וואָלט געווען דער האַר פון דער גאַנצער וועלט!

אַלץ איז איצט מיינס און איך בין פאַר אַלעמען — פאַר דער גאַנצער וועלט!

אין דעם אייגענעם טאָג האָב איך געהאַט דאָס אומגליק, איך בין אָבער נאָך נישט אַראָפּגעגאַנגען און די נאַכט האָב איך שלעכט געשלאָפן...

מיר האָט זיך געחלומט דער אונטערדעק און אַ קאַמף מיט קריסעס...

די קריסעס האָבן מיך אָנגעכאַפּט פאַר אַ פוס און האָבן מיך געשלעפּט אין זייער נאָרע, און איך האָב געוווּסט, אַז אין נאָרע בין איך אַ פאַרטיקער...

איך האָב מיך געראַנגלט מיט דער גרעסטער פאַרצווייפלונג און האָב דאָך גאָרנישט געקענט מאַכן: זיי זענען געווען שטאַר־קער פאַר מיר. און אָט אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב פאַר־שפּילט דעם קאַמף מיט זיי, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט, באַגאָסן מיט קאַלטן שווייס...

אפנים, אַז איך דאַרף נאָך איבערקומען און איבערלעבן דאָס עכאָ פון אונטערדעק...

איך האָב קוים דערלעבט טאָג...

אויף דער „אינקאַ“ האָט זיך אָנגעהייבן אַן אַרבעט, אַ באַוועגונג, און איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און זיך אָנגעטאָן. אַך, ווי גוט איז עס געווען צו שפּרייזן אויף דער פרייער לופט איבערן שיפדעק!

אומעטום איז טאָג, נישטאָ קיין חושך, און מענטשלעכע פנימער זע איך און מען טרינקט הייסן טיי און מען שפּאַסט און עמעץ זינגט אַ מאַטראָזנליד.

די שיף גייט איר וועג, דער ים איז שטיל, ווי דער הימל, די כוואַליעס לעקן די זייטן פון דער „אינקאַ".

צייטנווייז לויפן אַרויס געפליגלטע פיש פון וואַסער, פליען אַדורך אַ קליינע שטרעקע און פאַלן צוריק אַריין אין וואַסער. און די זון שטייט אויפן הימל און באַגיסט אַלץ מיט וואַרעמען גאָלד.

און איך קען נישט אָפּרייסן די אויגן פון דער גרויסער חבות פון ים, פון הימל, פון די ווייטע, ווייטע האָריזאָנטן.

אויף מיין רוקן זענען נישטאָ קיין פליגלען, זאָגער איך ...ל זיי, און מיר דאַכט זיך, אַז איך קען מיך אויפהייבן און אַוועקפליען אויך אַזוי גראַציעז, ווי די ים-פייגל.

וואָס קען מיך אָפּהאַלטן און ווער קען מיך אָפּהאַלטן און ווער איז בכלל גלייך צו מיר?

מען רופט מיך און מען איז מיך מכבד מיט טיי און וואַרעמע בולקעס אין אַ לוסטיקער קאָמפּאַניע פון מאַטראָזן. און איינער זאָגט צו מיר:

„אַ וואָך וועסטו אַרומלויפן אַ פרייער, נאָכדעם וועט מען דיר אַרויסגעבן אַרבעט... ווילסטו ווערן אַ מאַטראָז, מוזטו, ברודער, אַרבעטן."

„איך וויל אָבער שוין אַרבעטן", — האָב איך מיך אָנגערופן. — „איר קענט מיט נאָך היינט געבן אַרבעט."

„מוזטו אָבער פריער רעדן מיטן קאַפּיטאַן."

„גו, יאָ, ער וועט שוין רעדן, זיי רויק", — האָט זיך אַריינגעמישט אין שמועס אַן אַנדער מאַטראָז און האָט מיר חברלעך אָנגעקלאַפּט אין פּלייצע.

נאָכן טיי האָט מיך וואַטערס אַריינגעפירט אין מאַטראָזן-קאַיוטע און האָט מיר אָפּגעשאָרן די האָר און אַרויסגעגעבן אַ האַנטוך מיט אַ שטיק בלויען זייף.

„וואַש דיך גוט אַרום און פּוץ דיך אויס״, — האָט ער געזאָגט, — „דער קאַפּיטאַן האָט פיינט אָפּגעלאָזנקייט און ברודנע פּנימער...״

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

„אַז ער וועט דיך אַ רוף טאָן, זאָלסטו זיך נישט שרעקן, דו הערסט?״

איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל מיך נישט שרעקן און האָב מיך אַ וואָרף געטאָן צום זייף און צום וואַסער.

איך האָב מיך שוין געוואַשן פאַר אַלע טעג און נעכט, וואָס איך האָב מיך געוואַלגערט אין שיפּקעלער. אין מיין לעבן האָב איך מיך נאָך קיינמאָל נישט געוואַשן אַזוי פלייסיק, ווי דאָסמאָל. נאָכדעם האָב איך אַ קוק געטאָן אין מאַטראָזנשפּיגעלע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט.

פון שפּיגעלע האָט אַרויסגעקוקט אַ טויט געזיכט מיט גרויסע משוגענע אויגן — איך האָב מיך נישט דערקענט...

אַך, ווי איך האָב מיך געענדערט! אַן אַנדער יונג, אַן אַנדער געזיכט, אַנדערע אויגן.

אַ קבר בלייבט אַ קבר, און ער האָט מיר אַרויסגעזייגן דאָס גאַנצע בלוט.

אָבער איך שרעק מיך נישט. איך וועל מיינס אָניאָגן. איך ווייס: איך בין נאָך יונג און ענערגיש און, דערעיק־שט — איך וויל לעבן!

איך וויל לעבן און — וועל לעבן!

ביי טאָג האָט מיך אַ רוף געטאָן דער קאַפּיטאַן. מיט דרייסטע

טריט האָב איך אַרייַנגעשפּאַנט אין זיין אויסגעפּוצטער געראַומער קאַיוטע.

ער איז געזעסן ביים טיש און האָט מיך אַ ווײַלע גע-נומען אונטער אַ שאַרפן בליק. ער האָט מיך אָנגעקוקט, ווי פאַרחידושט, ווי ער וואָלט נישט געגלויבט, אַז דאָס בין איך. ער האָט מיך געבעטן זיצן און געזאָגט:

„דו ביזט טויט-בלאַס, האָסט זיך שטאַרק געענדערט... איך האָב געמיינט, אַז מען וועט מיר ווייזן אַ געזונט יינגל... שוין-זשע וועסטו קענען אַרבעטן אויף דער „אינקאַ"?"

„אָך, איך וועל קענען", — האָב איך געזאָגט. — „איך בין איצט, נאַטירלעך, בלאַס, אָבער דאָס וועט איבערגיין... איך בין אַ געזונטער, איך ווייס, און דער שיפּדאָקטאָר האָט עס אויך געזאָגט..."

דער קאַפּיטאַן האָט מיר לייכט אַ צופּ געטאָן פאַרן בעקל. ער האָט געשמייכלט, און דער שמייכל האָט אים מאָדנע אויס-געווייכט דאָס שטרענגע געזיכט.

„יאָ, איך גלויב דיר", — האָט ער ווייטער געזאָגט. — „דו מוזט זיין זייער אַ שטאַרק יינגל, אַ סימן — דער אונטער־דעק... נו, דו וועסט פאַרבלייבן אויף דער דער „אינקאַ". לערן דיך אָבער און געהאָרך, וואָס מען ווייזט דיר. וואָטערס וועט זיין דיין עלטסטער. ער וויל עס און איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, זיין בראַוו און וויל", — האָט ער פאַרענדיקט און האָט זיך אויפגעהייבן פון אָרט.

פאַרן אַרויסגיין פון קאַיוטע האָט ער מיר ווידער אַ צופּ געטאָן פאַרן בעקל און צוגעוואָרפן מיט אַ ווייכן שמייכל:

„יאָ, דו ביזט אַפילו בלאַס, אָבער דו ביזט אַ העלדיש יינגל!"

דאָס זענען געווען די הערלעכסטע ווערטער, וואָס איך האָב ווען געהערט אין מיין לעבן.

איך בין אַרויסגעלאָפן פון קאַיוטע אַ גליקלעכער, אַ צע־צאַפּלטער פון שמחה און הנאה.

פון דעם טאָג אָן בין איך אָפּיציעל געבליבן אויף דער „אינקאַ”, און עס האָט זיך אָנגעהייבן מיין לאַנג לעבן אויפן ים.

דאָס מזל מיינס האָט זיך אומגעדרייט צו מיר מיט אַ ליכטיק געזיכט. איך האָב אָנגעהייבן שטייגן, איך בין געוואָרן אַ נוציקער און אַ טיכטיקער מענטש אויף דער שיף.

די מעשה מיטן אונטערדעק איז ביסלעכווייז פאַרגעסן געוואָרן. איך בין עלטער געוואָרן און מיין ענערגיע און פלייס האָט מיך אַרויסגערוקט פון דער גרויער מחנה מאַטראָזן. איך בין געוואָרן אַ באַקאַנטער ים־מענטש אין די האַפנס און מען האָט זיך גערעכנט מיט מיר.

און אָט, קינדער, בין איך מיט דער צייט אַליין געוואָרן דער פירער פון אַ שיף און האָב יאָר־איין, יאָר־אויס געשניטן די ימים און אָקעאַנען פון דער וועלט.

יאָ, קינדער, דאָס ים האָט מיך גענומען אַ ייִנגעלע מיט משוגעדיקע קאַפּריזן און האָט מיך אַרויסגעלאָזט אַן אַלטן מאַן, אַ זקן, מיט ווייסע האָר אויפן קאָפּ.

דאָס גאַנצע לעבן מיינס איז אַוועק אויפן ים, אויף דער־דאָזיקער סטיכיע פון שטורעם און אומרו, און איך האָב קיין חרטה נישט...

ווער עס דערקענט איינמאָל דעם ים, דער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט שיידן מיט אים.

נישט דאָס פעלד, נישט דער וואַלד און נישט דער באַרג וועלן נישט ביישטיין די גדולה און רחבות און רייץ פון די גייענדיקע כוואַליעס!

יאָ, דער ים גייט, דער ים לעבט, דער ים אָטעמט. און נעפּערלעך איז דער ים, אָבער אין ליבע, דאַרפט איר וויסן,

שפירט מען נישט קיין סכנות, און דער ים קען אייך זיין צו פריינט — אפשר דער בעסטער פריינט אין דער וועלט!

און אַט אַפילו איצט, אויף דער עלטער, מיט קנייטשן אויפן פנים און מיט שיטערע ווייסע האָר אויפן קאָפּ און מיט שווער אויסגעאַרבעטע הענט און פיס, אַן איינזאַמער, כמעט אַן עלנדער, וויל איך דאָך זאָגן מיטן גאַנצן האַרצן, ווי אַ הייליק וואָרט פאַר גאָט: געבענטשט און געליבט זאָל ער זיין, דער ים!...

